ה. ד. נאָמבערג

# ערציילונגען

צווייטער באַנד

כלל-פאַרלאַג
בערלין, 1922 תרפ"ג

K L A L - V E R L A G
BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTRASSE 73

# אינהאַלט

זייט

פליגעלמאַן . . . . . . . . . . . . . 9
דאָס שפּיל אין ליבע . . . . . . . . . . 31
בּריוו . . . . . . . . . . . . . . . . . 45
אויף איין קוואַרטיר . . . . . . . . . . . 61
שוויינ, שוועסטער! . . . . . . . . . . 89
אלול . . . . . . . . . . . . . . . . . 101
ווער איז שולדיג? . . . . . . . . . . . 121

## I.

### ווער און וואָס איז פליגעלמאַן און וועגן זיינע באַקאַנטע

פליגעלמאַן איז אַ יונגערמאַן פון עטליכע און דרייסיג יאָר. ער האָט אַ קליינעם, אַביסל איינגעהויקערטן גוף; אַ גרויסן, קרומען שטערן און אַ קליין בלאָנד בערדל. די אויגן זיינע זעהען אויס ווי פאַרלאָפן מיט פאַרע. עס דוכט זיך, אַז מען דאַרף זיי נאָר מיט אַ טיכל איבערווישן, כדי זיי זאָלן העל גלאַנצן.

נישט זעלטן, גייענדיג פאַמעליך איבער דער רווישנדיגער גאַס אויף אַ לעקציע איינגעבויגן, האַלטנדיג די הענט אין די טאַשן, טראַכט ער, אַז אויף דער וועלט האָבן געלעבט אַ סך גרויסע מענשן: בודהאַ, שפינאָזאַ, קאַנט און נאָך אַ סך אַנדערע, און ער, דעם ק ו נ י ו ו ע ר שמש אַ זון, ווייסט זייערע פילאָזאָפישע סיסטעמען אויף קלאָר און קאָן נאָכזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט געלעזן פון זיי, וואָרט באַ וואָרט.

און אַז אויף דער גאַס איז אַ שיין וועטער, די דראָזשקעס האַקן גראָד נישט אין די אויערן, און אויף דער לעקציע ברויך מען זיך נישט צו איילן, טראַכט ער נאָך מיט פאַרגעניגן, אַז אין תוך אַריין זיינען אַלע פילאָזאָפן נישט איבעריג קלוג געווען; יעדערער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין ווינקעלע, געטראָפן, דאָך אַביסל נאָר געטראָפן; און ער, פ ל י ג ע ל מ אַ ן, ווייסט אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן, און נאָך ווייסט ער, אַז דער עיקר, דער תוך כל־התוכות איז דאָס לעבן, דאָס לעבן אַליין טאַקע.

און פון זיין לעבן איז פליגעלמאַן צופרידן. די ערשטע פינף יאָר אין וואַרשע זיינען אָנגעקומען אַביסל שלעכט, נאָר דעמאָלט

איז ער געווען אַ מענש אָהן פעסטע איבערצייגונגען, אָהן אַ וועלט־אַנשויאונג, און פון יענעם לעבן האָט פליגעלמאַן נישט ליב צו טראַכטן. זייט אַכט יאָר אָבער האָט ער זיך בעסער איינגעריכט, באַקומען גוטע לעקציעס און האָט אָנגעהויבן לעבן רוהיג, לויט פעסטע פרינציפּן, אַביסל אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אַליין אין זיין צימער אויף דעם פינפטן שטאָק.

זיין צימער איז שטענדיג אויפגעבעט אויף אַ באַזונדערן אַרט, אויף פליגעלמאַנס אייגענעם אַרט. מיט דער רינגסט באַנוצט ער זיך נישט, זייענדיג איבערצייגט קעגן יעדער קנעכטשאַפט. און אַז מען ברויך די פאָרלאָגע צו וואַשן, וואָס ער קאָן אַליין נישט טון, האָט ער פּרעטענזיעס צו זיך אַליין און וואַרפט זיך פאָר, אַז ער מאַכט קאָמפּראָמיסן, און ווערט איבערצייגט, אַז אַן אָרנטליכן מענשן איז לעת־עתּה זעהר שווער צו עקסיסטירן אויף דער וועלט.

באַקאַנטע האָט ער אַ סך, נאָר נאָהענטע מענשן — גאָר ווייניג. צווישן זיינע באַקאַנטע יונגעלייט האַלט מען אים פאַר זעהר אַ געבילדעטן, פאַר אַ פילאָזאָף און אַ עסטעטיק, נאָר ריידן רעדט מען פון אים נישט. גאַנצע חדשים פאַרגעסט מען אָן אים גאָר, ערשט אַז מען ברויך געלט אויף עפּעס אַ זאַך, דערמאָנט מען זיך אָן אים, דעמאָלט רופט זיך איינער אָן:

— אַ! אָן פליגעלמאַנען האָט מען גאָר פאַרגעסן!

— טאַקע! — זאָגט דער אַנדערער, און אַלע פאַרוואונדערן זיך, וואָס פליגעלמאַן איז זיי נישט געקומען אין קאָפּ אַריין.

און אַז מען קומט צו אים, איז פליגעלמאַן מכבּד מיט טיי, פרעגט זיך נאָך וועגן אַלע באַקאַנטע, גיט געלט, נאָר גלאַט זיך שפּאַרן אַזוי, האָט ער נישט ליב און זעהט, אַז דער שמועס זאָל נישט צו נאָהענט צוקומען, ער זאָל ניט באַרירן, ווי ער דריקט זיך אויס, זיין וועלט־אַנשויאונג. דער באַקאַנטער גייט אַוועק צופרידן, פאַרציילט די חברים, און אַלע רימען פליגעלמאַנען זעהר און פאַרגעסן ווידער באַלד פון אים אויף עטליכע חדשים.

נעהענטער פאַר אַלע איז אים ל ע ו ו אַ נ ט קָ א ו ס ק י, אַ לערער, אַ טאַטע פון זעקס קינדער און אַ גרויסער אָרימאַן, נאָר זעהר אַ פרייליכער. באַקענט האָבן זיי זיך אין אַ בוכהאַנדלונג.

לעוואַנטקאָווסקי האָט עפּעס אַ מאָרגנע תּאווה צו ביכער. קוים דערשיינט אַ נײַ בוך, אויף העברעאיש אָדער אויף אידיש, און ער קאָן עס דערוויַיל נישט קויפן, ווערט ער זעהר טרויעריג און אויפגערעגט, און זיצנדיג בײַ פליגעלמאַנען, וויל ער נישט טרינקען קיין טיי. פליגעלמאַן באָרגט אים אַ סך מאָל געלט און האָט דערפון עגמת נפש, ווייל לעוואַנטקאָווסקיס ווייב האַלט אים פאַר, צו וואָס ער באָרגט אים געלט.

מיט לעוואַנטקאָווסקין איז פליגעלמאַן אָפנהאַרציג און רעדט מיט אים אַ סך מאָל פון זיך אַליין:

— די פּאָעטן מיינען, אַז נאָר זיי אַליין פילן די שיינקייט פון דער נאַטור. ס'איז אַ ליגן. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס זיי קאָנען דאָס געפיל אַרויסגעבן אין אַ פּאָעטישער פאָרם, און איך קאָן נישט: איך באַשעפטיג זיך נישט דערמיט. צום בייַשפּיל: איך צאָל אַ רובל טייערער פאַר מיין צימער, נאָר ווייל בײַנאַכט שיינט אַריין די לבנה. איך בין אַן אָפענער מענש, איך האָב זיך אויסגערעדט מיט דער ווירטין, אַז איך צאָל אַ רובל טייערער נאָר מיט דער באַדינגונג, אַז אין צימער איז דאָ די לבנה. איר ווייסט, לעוואַנטקאָווסקי, דער המון, דאָס פּראָסטע פאָלק, איז, פאַרשטייט איר, גראָב. שטעלט אייך פאָר, מיין ווירטין האָט געשמייכלט, אַז איך האָב זי געפרעגט, צי בײַנאַכט שיינט די לבנה אין צימער, און, פאַרשטייט איר, זי איז איבערציינגט, אַז איך בין אַ נאַר... מיט איין וואָרט, איך זאָג אייך, לעוואַנטקאָווסקי, אַז אַן אָרנטליכן, קלוגן מענשן איז שווער צו לעבן אויף דער וועלט. יאָ!

פליגעלמאַן רעדט רוסיש, לעוואַנטקאָווסקי פאַרשטייט נישט די שווערע ווערטער, נאָר מודה איז ער, און לעזט אים פאָר אַ שיר וועגן דער טבע.

— אַ גוטער שיר — ענטפערט פליגעלמאַן — איר וואָלט נאָר געבּרויכט צו האָבן אַ טיפערן פילאָזאָפישן בליק. אַשטייגער, איר זאָגט: „מה יפה הטבע, על כל הר וגבע“. אַן אמתער פּאָעט פילט, אַז דער באַרג און דער הימל און די ערד און די גאַנצע נאַטור איז פּונקט דאָס אייגענע, וואָס מיר אַליין...

— ווי הייסט? — פרעגט לעוואַנטקאָווסקי, און דאָס פּנים זיינס ווערט ווייַנענדיג־ערנסט, אין אָפּענעם מויל זעהען זיך לאַנגע צוויי שורות ציין, און זיין האַנט ציטערט אין דער לופט.

— עס איז אַזוי. איך, צום ביישפּיל, פיל עס גאַנץ גוט. עס טרעפט אַ סך מאָל, וואָס איך פיל, אַז איך און דער הימל און די לבנה איז אַלץ איינס, איין אַבסאָלוט, פאַרשטייט איר, נאָר אין פאַרשיידענע פאָרמען...

— הערסט דו?! אין פאַרשיידענע פאָרמען! דאָס האָב איך דאָך באַלד געזאָגט, היינט מילא, וואָס ווילט איר? איז דאָך ווידער גוט!

און לעוואַנטקאָווסקי וואַרפט אַזוי מיט דער האַנט, אַז פליגעלמאַן ווערט אָן דעם מוט: ער האָט פיינט, אַז מען צעקאָכט זיך.

— יאָ, דער שיר איז גוט, זאָגט ער, מיר וועלן נאָך ריידן דערפון, אַ גוטע נאַכט.

טיילמאָל, אַז ער גייט אַרויס, גייט אים נאָך לעוואַנטקאָווסקיס ווייב, אַ אירענע מיט אַ געלבליך פּנים און מיט איינגעפאַלענע בריסטן, און שטעלט אים אָפּ:

— פאַני פליגעלמאַן, טאָמער קאָנט איר באָרגן פופציג קאָפּעקעס?

פליגעלמאַן באָרגט און האַלט זיך אַביסל אויף אין הויז, ווייל באַלד דערהערט זיך פון שטוב געשרייען פון מאַן און ווייב. לעוואַנטקאָווסקי וויל פופצען קאָפּעקעס אויף טאַבאַק, דאָס ווייב וויל נישט געבן; לעוואַנטקאָווסקי זאָגט, אַז ווען נישט ער, וואָלט פליגעלמאַן איר נישט געבאָרגט. דאָס ווייב ענטפערט:

— דו ביסט נישט ווערט מיט אים צו ריידן!

לעוואַנטקאָווסקי ווערט שטיל, עס הערט זיך נאָר, ווי ער גייט אַרום אין שטוב, און אויף פליגעלמאַנס פּנים צעגיסט זיך אַ צופרידענער שמייכל, וואָס ליגט שוין אַזוי אויפן פּנים, ביז ער קומט אַהיים און זעצט זיך לעזן.

לעזן לעזט ער לאַנג, פּאַמעליך, שטענדיג אין דער איינענער פּאָזע, זיצנדיג, און מיט דעם איינענעם, ערנסטן, רוהיגן אויסדרוק אויפן פּנים. טרעפט זיך אַ מערקווירדיג אָרט, שטעלט ער זיך אָפּ, לעזט עס נאָך אַמאָל דורך, און קען עס אויף אויסנווייניג,

ציהט די וואַנצע און לעזט ווייטער, אַלץ ווייטער, און עס רוכט זיך, אַז זיין מח וואָלט גאָר קיינמאָל נישט מיר געוואָרן צו שלינגען די זייטלאַך, ווי די לונגען — לופט. עס גייט דורך אַ צייט, ער נעמט אַרויס דאָס זייגערל, און אויב ס'איז שוין עלף, מאַכט ער צו דעם בוך, ציהט נאָך אַמאָל די וואַנצע, און אויף זיין פּנים צעגיסט זיך אַ מאָדנע זיסקייט.

און אַז די לבנה איז דאָ אויפן שטיק הימל, וואָס זעהט זיך דורכן פענסטער, לעשט ער אוים די לאָמפּ, רוקט צו דעם שטול צום פענסטער און קוקט אויף דער לבנה. ער רויכערט אַ פּאַפּיראָס, ציהט אים לאַנגזאַם, אַ רויך צעלייגט זיך אין דער בלוילעכער לופט, און אין דעם נעפּל שווימט די לבנה, פּאַמעליך, פרום און ערנסט... אַן אַלטן חסידישן טרויעריגן נגון, די איינציגע מעלאָדיע, וואָס פליגעלמאַנס אויערן האָבן אויפגע־כאַפּט אין זיין לעבן — ברומט ער צו דערביי; דער נעפּל צעטראָגט זיך, דער טונקעלער הימל מיט דער לבנה ווערן העכער, און פליגעלמאַן האַלט דעם קאָפּ געהויבן אין דער הייך, קוקט לאַנג און פילט, אַז ער און דער הימל און די לבנה און די גאַנצע וועלט זיינען איינס, איין אַבסאָלוט אין פאַרשיידענע פאָרמען, און אַז דאָס לעבן איז אַלץ. ליגנדיג דערנאָך אויפן בעטל, ווערט ער אַנשלאָפן מיט דעם געדאַנק, אַז דאָס ערליכסטע, קליגסטע לעבן איז דערביי אויך דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, אַז זיין לעבן איז רייך אויך מיט פּאָעזיע.

אָט אַזאַ מענש איז פליגעלמאַן.

## II.

### וועגן פליגעלמאַנס ערשטער ליבע

פון ליבע האַלט פליגעלמאַן זעהר.

— ליבע — פלעגט ער זאָגן — איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון לעבן. דאָס לעבן אָהן ליבע האָט נישט קיין זין און פאַרלירט זיין פאַרטיידיגונג. אַ מענש, וואָס איז נישט גענייגט פון דער נאַטור צו ליבע, האָט ווייניגער ווערט, ווי אַ מענש, וואָס קען נישט לעזן און שרייבן.

און פליגעלמאַן איז פון דער נאַטור זעהר גענייגט געווען צו ליבע. נאָר אַז מען לעבט אַ פאַרשטענדיג, קלוג לעבן, דאַרף מען זיך ריכטן צו זיין אָפּגעזונדערט און עלנט.

— איך קאָן נישט קיין ליגן זאָגן, איך קאָן נישט חנפענען — פלעגט ער זיך טרייסטן פאַר זיין אומגעשיקליכקייט באַ פרויען.

און געהאָפט האָט ער שטענדיג, אַז עס וועט זיך טרעפן אַזאַ נשמה, וואָס וועט זיין נשמה פילן, אַז דייטליך ריידנדיג, קאָן קיין פלאַכע נשמה אים נישט ליב האָבן.

אַמאָל, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך איבערגעצויגן אויף אַ נייער דירה, האָט ער באַמערקט אין אַ קעגן־איבערדיגן פענסטער אַ בלייכליך געשטאַלט מיט שוואַרצע האָר, אין אַ העלער בלוזע און מיט אַ שניי־ווייסן שטייפן קאָלנער. אויגן, גרויסע און שוואַרצע, האָבן געקוקט גלייך צו זיין פענסטער. עס איז געווען אין דער־פריה. אין דרויסן איז געווען ליכטיג, אַ העלע שיין איז געלעגן אויף אַ האַלבער, קעגן־איבערדיגער מויער. די פענסטער זיינען געווען אָפן, און דאָס מיידל האָט געהאַלטן די האַנט איבער די אויגן און האָט געקוקט. פליגעלמאַן האָט אויך געקוקט. דאָס מיידל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמט, איר ברוסט האָט זיך באַוועגט, עס האָט זיך געדרוכט, אַז זי האָט אָפּגעזיפצט. פליגעלמאַן האָט אַלץ געקוקט אויף איר מיט אַנטציקונג. נאָר דאָס מיידל האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן און ווידער זיי אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט, און די ברוסט האָט זיך ווידער באַ־וועגט... פליגעלמאַן האָט אַ קלאַפּ געגעבן מיט צוויי פינגער אויפן פענסטער און געזאָגט צו זיך:

— גענוג!

און איז אַוועקגעגאַנגען פון פענסטער צופרידן, וואָס ער האָט זיך אַליין באַזיגט, וואָס ער האָט ווייטער נישט געקוקט, כאָטש דאָס האָט זיך אים אַזוי געוואָלט.

„דער גרעסטער נצחון פון אַ מענשן איז, אַז מען איז זיך אַליין מנצח", האָט ער געטראַכט דערנאָך, גייענדיג איבער דער גאַס אויף דער לעקציע. נאָר זיצנדיג אויף דער לעקציע האָט ער געפילט, אַז ער איז עפּעס אומרוהיג, אין דער זייט באַם האַרצן האָט זיך עפּעס אַלע ווילע צוגערוקט, עפּעס אַ נאָג

געגעבן און ווידער זיך אָפּגערוקט; די שוואַרצע האָר און די העלע בלוזע מיטן ווייסן קאָלנער האָבן געציטערט אין מוח, און בכלל איז ער געווען אויפגערוימט, עפּעס הייטער, ווי ער פלעגט אַמאָל זיין ערב פּסח אין די אַלטע, אַלטע יאָרן.

„הם... יאָ"... האָט ער געטראַכט פאַר זיך אַ גאַנצן טאָג, געווישט מיט די הענט די וואָנצעס און האָט כמעט קיין איבעריג וואָרט נישט אַרויסגערעדט, באַהאַלטנריג פון זיך עפּעס אַ סוד. זיין פּנים האָט אַ גאַנצן טאָג געשמייכלט.

באַנאַכט, ליגנדיג אין בעט, קוים האָט ער די אויגן צוגע־מאַכט, האָט זיך דאָס בעטל אויסגעדרייט, און ער איז אויסגע־קומען מיט די אויגן צום פענסטער, ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער געשטאַלט, און אין פינסטערן פאָן זיינען געלאָפן פיל, פיל פייערדיגע פינטעלאַך און עפּעס וויס האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי אַ לייכטער נעפּל. געדרוכט האָט זיך, אַז די פינטעלאַך, פליהענדיג, מאַכן אַ גלייכע געאָמעטרישע ליניע פון יענעם פענ־סטער צו זיינעם. אין מיטן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער ליגט נאָר מיטן קאָפּ צום פענסטער, און האָט זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן אין בעט. קוים האָט ער דערטאַפּט די וואַנט און האָט געעפנט די אויגן, איז דאָס בעטל אויסגעדרייט געוואָרן, און ער האָט געקוקט גלייך אויפן ווייסן אויוון. ער האָט זיך אויפגעזעצט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אַקעגן־איבער איז געווען פינסטער. ער האָט זיך צוריקגעלעגט, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דאָס בעטל ווידער אויסגעקומען פאַרקערט.

— הם... האָט ער געשמייכלט צו זיך אין געדאַנק און איז איינגעשלאָפן מיט עפּעס אַ פרישן חלום.

צו מאָרגנס איז דאָס מיידל ווידער געזעסן באַם פענסטער. זי האָט געלעזן אַ בוך, און פליגעלמאַן האָט געקאָנט קוקן, וויפיל ער האָט געוואָלט, נאָר דאָס מיידל האָט פּלוצלינג אויפגע־הויבן די אויגן און געקוקט אויף אים, גלייך אויף אים, און אין דעם בליק איז עפּעס געווען.

„די נשמה פון אַ מענשן שפּיגלט זיך אָפּ אין בליק און אין געלעכטער", האָט ער געחזרט פאַר זיך עפּעס אַ פראַזע פון לאַנג, נאָר לאַנג שוין דורכגעלעזענעם בוך. „מערקווירדיג, ווי גוט געזאָגט".

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין קליין שפּיגעלע, איינגעקוקט זיך אין זיין פּנים און האָט געפונען, אַז זיין בליק איז גאָר אינגאַנצן אַן ענליכער צו איר בליק. עס איז קיין ספק נישט געווען, אַז ער געפעלט איר: „אַ נשמה אַ נשמה פּילט".

אַזוי האָט עס זיך געפירט צוויי וואָכן. דאָס מיידל איז געזעסן באַם פענסטער, און פליגעלמאַן האָט געקוקט. אַמאָל, אַז ער האָט געקוקט אויף איר, האָט זי פּלוצלינג, ווי געוויינליך, אויפגעהויבן די אויגן, נאָר נישט ווי געוויינליך — האָט זי זיי אַראָפּגעלאָזט און געקוקט אים מיט שטאָלץ אין די אויגן אַריין אַזוי לאַנג, ביז ער, פליגעלמאַן, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמט! דערנאָך, אַז ער האָט בגנבה נאָך געוואָרפן אויף איר אַ בליק, איז אויף איר פּנים געלעגן אַ שמייכל און איר ברוסט האָט זיך אַזוי פריי באַוועגט... פליגעלמאַן האָט זיך געפילט באַזיגט דורך אַ מיידל.

— אַ שטאַרק פאָלק — האָט ער דעם זעלבן טאָג גערעדט מיט לעוואַנטקאָווסקין, זיצנדיג באַ זיך אין צימער און טרינקענדיג טיי — אַ שטאַרק פאָלק זיינען די פרויען...

— אָהאָ — האָט לעוואַנטקאָווסקי געענטפערט און האָט אָנגעהויבן צו דערציילן עפּעס פון זיין ווייב.

— וואַרט, לעוואַנטקאָווסקי, פאַרשטייט איר, איר פאַרשטייט מיך שלעכט — איך גיי נישט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט. איך רייד וועגן דעם, אַז שטרייטנדיג האָבן זיי אַ סך מער טאַקט און זיכערקייט, ווי מאַנסלייט, ווייל זיי זיינען זיכער אין זייער קראַפט, אין זייער שיינקייט, אייגנטליך איז דאָך שיינקייט אַלץ; די עסטעטישע איז דאָך די העכסטע וועלט־אַנשויאונג, דרייטליך ריידנדיג.

לעוואַנטקאָווסקי האָט, ווי געוויינליך, ווען זיין חבר האָט זיך אַריינגעלאָזט אין עפּעס אַ הויכן שמועס, געשוויגן, געזופּט טיי און אָנגעשטעלט עפּעס אַ מין ערנסטע מינע, ווי אַ קינד, בשעת אַ זיידע בענשט אים. טיילמאָל נאָר האָט ער אָנגעקוקט פליגעלמאַנען, אַ זיפץ געגעבן און צוריק אָנגענומען די ערשטע פּאָזע. פליגעלמאַן האָט ווייטער גערעדט:

— דעם אמת ריירנדיג, ווייסן מיר דאָך גאָרנישט. די פּסיכאָ־לאָגישע עלעמענטן זיינען אַזוי פאַרווירט, אַז עס איז זעהר גרינג צו ווערן אַ מיסטיקער. צום ביישפּיל: איר טרעפט עמיצן אויף דער גאַס, לאָמיר אָננעמען, צום ביישפּיל, אַ מיידל; איר קוקט זי אָן, זי — אייך, און די צוויי בליקן האָבן צווישן זיך געהאַלטן אַ וכּוח, געקעמפט, איינער האָט געזיגט... און ווי אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען?... אָט הויבט זיך אָן ספּיריטואַליזם. נאָר, פאַרשטייט איר, דער ריינער פאַרשטאַנד הייסט אויף אַלץ זוכן באַשייד, אַלץ בינדן לויט דעם געזעץ פון אורזאַכליכקייט, און וואו מען ווייסט נישט שטעלן אַ פּראַגנעצייכן, נישט פאַרלאָזן זיך אויף סודות... איך ווייס אויף זיכער פון אייגענער פּראַקטיק, אַז ווען נישט מיין פאַרשטאַנד, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אַ מיסטיקער. יאָ!

— איר האָט אַ סך געלעזן... האָט לעוואַנטקאָווסקי אָפּ־געזיפצט.

— לעזן איז נישט דער עיקר — פליגעלמאַן איז געוואָרן זעהר ערנסט — פאַרשטייט איר, די פילאָזאָפיע וויל פון דער טעאָריע מאַכן דאָס לעבן, נאָר דאָס לעבן איז אַ סך ברייטער, אַ סך... מען ברויך פון לעבן, פון פּראַקטיק, זוכן די וואָהרהייט... פאַר־שטייט עס, קלערט וועגן דעם.

באַנאַכט האָט געשיינט אַ קיילעכדיגע, ריינע לבנה. זי איז אַרויס פונקט פון אונטערן קוימען פון אַ קעגן־איבערדיגן דאַך; איבערן הימל האָבן זיך געטראָגן לייכטע, נידעריגע וואָלקנדלאַך, און די לבנה צווישן זיי איז געלאָפן, געלאָפן און אַלץ אויף איין אָרט געשטאַנען; אויפן הויף איז אַלץ געווען באַגאָסן מיט אַ בלויליכע לופט, אין אַ קעגן־איבערדיגן פענסטער האָט זיך נאָך געלייכט, נאָר די ראָליעט איז געווען אַראָפּגעלאָזט, און פליגעל־מאַן איז געזעסן באַם פענסטער, און זיין בליק האָט זיך געוואָרפן צווישן הימל און פענסטער.

די ראָליעט האָט זיך אויפגערוקט, און אַרויסגעקוקט האָט אַ באַקאַנטער קאָפּ. די אָרעמס, צוויי נאַקעטע אָרעמס פון אַ יונג מיידל, האָבן זיך געזעהן, די האָר זיינען געווען צעוואָרפן... און פליגעלמאַנס אויגן האָבן זיך געשווינד אויפגעהויבן צו דער לבנה.

„אַ כיטרע פֿאָלק“, האָט ער געטראַכט און איז איינגעשלאָפֿן אויפֿגערעגט.

אַמאָל, פֿאַרנאַכט, איז פֿליגעלמאַן געזעסן איבערן בוך און האָט געלעזן. אין דרויסן איז געווען אַ שטאַרקער רעגן, בליצן האָבן געבליצט, און דונערן האָבן געשלאָגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז נאָך יעדער קלאַפּ איז פֿליגעלמאַן צוגעלאָפֿן צום פֿענסטער איבערצייגן זיך, צי אַלץ אַרום אים איז גאַנץ, און האָט געזעהן, אַז אַקעגן־איבער קוקט אַרויס זי. געדוכט האָט זיך, אַז זי האָט אים נישט באַמערקט, זי איז געזעסן אָנגעלענט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, און די אויגן זיינען געווען מוראָדיג: געקוקט האָבן זיי אויף דעם שוואַרצן וואָלקן, און אין זיי איז געלעגן אַ טרויער, אַ סך אַ שווערערער, ווי דער וואָלקן אויבן... פֿליגעלמאַן איז אומגערולדיג אַרומגעגאַנגען איבערן צימער.

דאָס געוויטער האָט זיך געענדיגט, אין דרויסן האָט זיך באַוויזן אַ שיין פֿון דער זון, אַלץ איז געווען אָפּגעוואַשן און פֿריש. פֿליגעלמאַן איז געשטאַנען באַם פֿענסטער און געקוקט. דאָס מיידל האָט אויך אַ סך מאָל אויפֿגעהויבן די אויגן, און איר בליק איז געווען דרייסט. פֿליגעלמאַן אין אָנהויב אַביסל פֿאַרשעמט, דערנאָך אַלץ דרייסטער און דרייסטער, האָט געקוקט אויף איר אָהן אויפֿהער, און דאָס פּנים זיינס האָט זיך צוגעגרייט צו אַ שמייכל. דאָס מיידל האָט ווידער אויפֿגעהויבן די אויגן און איז עפּעס פּלוצלינג אַוועקגעגאַנגען, צוריקגעקומען עטליכע מאָל, און זי האָט אויסגעזעהן זעהר אומרוהיג.

„די ריכטיגע צייט“, האָט פֿליגעלמאַן געטראַכט און האָט זיך אונטערגעגעבן מוט... ער האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ, און אַ זיסער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים———

נאָר דאָס מיידל האָט זיך ראַש אויפֿגעשטעלט, אַ גרויסע רויטע צונג האָט זיך באַוויזן, און די ראָליעט איז ראַש אַראָפּגעפֿאַלן...

עטליכע סעקונדעס האָט געדויערט, ביז פֿליגעלמאַן איז געקומען צו זיך. און אַז ער האָט זיך אומגעקוקט, איז די ראָליעט געווען אַראָפּגעלאָזט, און אין דער זייט האָט זיך געזעהן דער רעגנבויגן.

באַנאַכט, ליגנדיג אין בעט, האָט ער שטאַרק געביסן די ליפּן, און ער האָט נישט געקאָנט געפינען דעם ריכטיגן אויסדרוק פאַר דעם געפיל, וואָס ער האָט איצט געטראָגן אין האַרצן צו דעם מיירל: פאַראַכטונג אָדער כעס? פינטעלאַך זיינען ווידער געלאָפן, ווי רעמאָלסט אין יענער נאַכט, נאָר איצט זיינען זיי געלאָפן עפּעס גאָר אָהן שום אָרדענונג, האָבן זיך צעטראָגן אין אַלע זייטן, און פאַר די אויגן איז געבליבן נאָר די שוואַרצקייט, און פאַרן שלאָף האָט זיך דאָס בעטל עפּעס געדרייט און גע־קייקלט אין אַ לערן רוים.

אויפגעשטאַנען איז ער מיט דעם געדאַנק, אַז ער ברויך אָנ־צושטריינגען זיין ווילן, אום צו קעמפען קענן דעם אומגליק, אַז באַ אַ קלוגן פאַרשטענדיגן מענשן ברויך קיינמאָל דער מוט נישט צו פאַלן, און ריידנדיג מיט לעוואַנטקאָווסקין, האָט ער געזאָגט:

— אַ מענש ברויך צו זיין פאָרזיכטיג. מען מוז זיך שטענדיג אָנגרייטן קרעפטן, כדי צו זיין גרייט קענן יעדן אומגעריכטן אומ־גליק, וואָס ערוואַרט אונז אומעטום. איך קאָן זאָגן, אַז ווען נישט, וואָס איך בין שטענדיג פאָרגעברייט קענן יעדן אומגעריכטן צופאַל, פאַרשטייט איר, לעוואַנטקאָווסקי, וואָלט שלעכט געווען, יאָ שלעכט וואָלט געווען!

## III.

:ווענן פלינעלמאַנס אָפּגעשוואַכטע נערווען; ווענן זיין וועלן חתונה האָבן
און ווי אַזוי ער איז משוגע געוואָרן

עס זיינען דורכגעגאַנגען צוויי יאָר, און פלינעלמאַנס לעבן האָט זיך ווייניג געענדערט. עס איז נאָר געוואַקסן דאָס בײנקשאַפט אין זיין האַרצן נאָך אַ ווייב, אַ בײנקשאַפט האָט אים אַ סך מאָל זעהר צערודערט, און אין דער לעצטער צייט אויפגערעגט די נערווען און געשטערט צו לעבן. עס האָט זיך געטראָפן, אַז ער האָט פלוצלינג פאַרגעסן גאָר אַ באַקאַנט וואָרט. פאַר די אויגן

האָט אים אַ סך מאָל געשווינדלט, און אין קאָפּ איז עפּעס אַלץ שיטער געוואָרן און ווי צעשרויפּט.

עפּעס האָט זיך אים אָפּטער דערמאָנט זיין קינדהייט. ער האָט געדיינקט דעם פאָטער, אַ קליין, דאַר אידל, וואָס האָט שטענדיג געהוסט. עפּעס אַ קאַלטע נאַכט האָט זיך געדיינקט. דער פאָטער איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט מיט אַ הוסט, און אים איז געוואָרן זעהר קאַלט, בלייבנדיג אַליין אויפן געלעגער. ער האָט געדיינקט דעם פאָטערס טויט: ליגנדיג אויף דער ערד, האָט ער אויסגעזעהן אַזוי קליין, אַז ס׳האָט זיך געדוכט, ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט און איינגעשלאָפן. די איינציגע עלטערע שוועסטער פליגעלמאַנס האָט שטאַרק געוויינט און געווישט מיט דער שירץ די נאָז. און אַהיים קומענדיג צוריק פון דער לויה, האָבן זיי זיך ביידע געשלאָגן און געריסן איבער אַ האַלבן פאָמעראַנץ, וואָס איז געבליבן אויפן פענסטער... דערנאָך האָט ער געגעסן טעג... די שוועסטער איז היינט אַ מלמדתע, וויל אַוראַי זיין נאָמען ניט הערן, ווייל ער איז אַן אַפּיקורס. זי האָט אַוראַי אַ סך קינדער, וואָס גייען אַזוי אָפּגעריסן און פאַרשמאַכט, ווי לעוואַנטקאָווסקים קינדער, און ער, פליגעלמאַן, געהער זיי אָן אַ פעטער. עפּעס מאָרגנע איז דאָס אַלץ אויסגעקומען.

אין נייעם פּאַספּאָרט, וואָס פליגעלמאַן האָט באַקומען איינ־געשיקט פון זיין געבורטס־שטעטל, איז ער געשטאַנען איינגעשריבן זעקס און דרייסיג יאָר, און דרייענדיג דעם פּאַספּאָרט אין דער האַנט, האָט ער זיך שטאַרק פאַרטראַכט. אים האָט געשראָקן דער געדאַנק, אַז ער האָט שוין פאַרשפּעטיגט חתונה צו האָבן. ער האָט גענומען זוכן באַקאַנטשאַפט. דאָס אָבער איז אים אָנגע־קומען זעהר שווער.

אין דער לעצטער צייט האָט ער זיך באַקאַנט מיט עפּעס אַ מיידל, אַ ראַנטיסטקע. זי איז געווען נישט זעהר שיין, אַביסל אַ דיקע, מיט אַ פול פּנים, נאָר זי האָט הויך געלאַכט, אַזוי אַז עס איז שווער געווען צו הערן, וואָס זי רעדט, און האָט ליב געהאַט אויפצופּלעכטן און צוצופּלעכטן אַלע ווילע די האָר. פליגעלמאַן האָט אָנגעהויבן אָפּט אַריינצוגיין צו איר, און אין האַרצן איז געוואַקסן אַ האָפענונג.

גערערט מיט איר האָט ער שטענדיג וועגן ביכער, שרייבער און פילאָזאָפן. זי איז געזעסן שטיל און האָט אַלץ אויסגעהערט, אויסגעהערט, אין מיטן נאָר פלעגט זי איבערהאַקן:

— איר ווילט טיי?

עס האָט געדויערט אַ גאַנצן חורש. אַמאָל איז זי אַריינגעגאַנגען אין דער ערשטער שטוב ברענגען טיי, פליגעלמאַן איז געבליבן אַליין, ער האָט זיך אומגעקוקט אין דער שטוב און האָט נישט געוואוסט, וואָס ער טוט דאָ. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס שפּיגעלע פון טיש און האָט עס געדרייט פאַר זיין פּנים. אין מיטן איז זי אַריינגעקומען מיט טיי.

— איר שפּיגלט אייך אויך? אַבי איר, מאַנסלייט, רעדט אויף אונז פרויען, אַז מיר קאָקעטירן! ערליך, ס'איז אַ געלעכטער.

— יאָ — האָט פליגעלמאַן געצויגן די ווערטער — מיר ווילן אויך געפעלן, ווי דען? איבערהויפּט, איך — אייך.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערערט שטיל מיט נישט קיין זיכער קול, דאָס מיידל האָט נאָר געפרעגט עפּעס ווי פאַרוואונדערט:

— אַזוי? — און איז שטיל געבליבן.

פליגעלמאַן האָט אויך נישט גערערט, עס איז געווען עפּעס זעהר שווער אין שטוב. דאָס מיידל האָט געעפנט אַ בוך, ער האָט לאַנג געקוקט אויפן אויוון.

— וויפיל, צום ביישפּיל, קאָן קאָסטן אַזאַ אויוון? — אַ שיינער אויוון... ער האָט גערערט שטיל און געפילט, אַז ער רעדט נאַריש און האָט אַ הויב געגעבן די אַקסלען.

זי איז לאַנג געזעסן שטיל, דער בוך איז געלעגן אָפן פאַר איר, און זי האָט זיך עפּעס פּלוצלינג צעלאַכט.

— לעכערליך... לעכערליך... האָט זי קוים אַרויסגערערט און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן בוך, וואָס זי האָט אָבער באַלד צוגעמאַכט. און פליגעלמאַן האָט נישט געוואוסט, צי זי האָט געלאַכט פון אים, אָדער אין בוך איז אַזעלכעס געווען. אין שטוב איז ווייטער געווען שווער און אייננ. עס איז אַריינגעקומען אַ באַקאַנטער. זי האָט נאָר אויפגעלעבט, און פליגעלמאַן איז אַרויסגעגאַנגען און שוין נישט מער אַריינגעגאַנגען צו איר.

די צייט איז געגאַנגען שנעל איר וועג, אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַוועק. פּליגעלמאַן האָט געלעבט זיין איינזאַם לעבן. די נערוון זיינען אַלץ מער אומרוהיג געווען, אין פּאַספּאָרט איז ער שוין געשטאַנען איינגעשריבן אַכט און דרייסיג יאָר...

עס איז אָנגעקומען אַ נאַסער, ווינטיגער אָסיען, וואָס האָט אויף פּליגעלמאַנען שלעכט געווירקט. קויפנדיג זיך אַ פּאָר קאַלאָשן, האָט ער פאַרגעסן דעם נומער און האָט געקויפט מיט אַ נומער גרעסער, און גייענדיג אויף דער גאַס, האָט ער אַ מינוט נישט געקאָנט פאַרגעסן זיין טעות: די קאַלאָשן האָבן זיך אַראָפּגערוקט פון די פיס און האָבן שטאַרק דערקוטשעט. ער איז אין דער לעצטער צייט מעהר געגאַנגען איבער דער גאַס אָהן שום ציל און האָט כּמעט גאָר נישט געלעזן. דער טראָטואַר אויף דער גאַס איז שטענדיג געווען נאַס, די דראָזשקעס האָבן געשפּריצט מיט בּלאָטע: לויות האָבן זיך געצויגן אידישע און קריסטליכע. עפּעס מיידלאַך מיט ביכער אונטערן אָרעם זיינען אַלע ווילע דורכגעגאַנגען, דאָס קלייד אין דער האַנט האַלטנדיג, און די ווייסע ספּאָרניצע איז געווען באַשפּריצט מיט בּלאָטע, און זיי האָבן געאיילט, געאיילט. פאַרנאַכט איז עפּעס אַ טרענער גע־שטאַנען אויפן טראָטואַר, מיט אַ שטריק אַרומגעגאַרטלט, און האָט זיך געשוואָרן, — אַז ער האָט אַ גאַנצן טאָג קיין גראָשן נישט פאַרדינט... פּליגעלמאַן האָט זיך געפילט מיד, אין כּוח איז אַלץ אָפּטער שיטער געוואָרן, פאַר די אויגן האָט אַלץ גע־שווינדלט און איבערן רוקן האָט געבּראָכן... ער איז אַריינגע־גאַנגען צו אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט אים לאַנג רעווידירט, געפרעגט, צי ער איז אַ באַווייבטער, פּליגעלמאַן האָט געלייקנט, געזאָגט „יאָ". דערנאָך האָט אים זעהר פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אַ ליגן געזאָגט.

— איך פיל — האָט ער גערערט מיט לעוואַנטקאָווסקין — אַז איך ווער אַ פּעסימיסט. אייגנטליך, איז דאָך דער פּעסימיזם דאָס לעצטע וואָרט פון דער פילאָזאָפיע...

ער האָט עפּעס דערמאָנט וועגן שאָפּענהויער, נאָר ער האָט אין מיטן אַ בליק געוואָרפן אויף לעוואַנטקאָווסקין, וואָס איז געזעסן און געמאַכט זיך פאַמעליך אַ פּאַפּיראָס און האָט זיך

באַמיהט אַלץ מער טאַבאַק אָנצושטופּן. דאָס האָט עפּעס פּלי־
געלמאַנען פאַרדראָסן, און נאָך מער דערבייזערט האָט אים, וואָס
לעוואַנטקאָווסקי האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז ער האָט זיך אָפּ־
געשטעלט אין מיטן ריידן.

— איר ווייסט וואָס, לעוואַנטקאָווסקי — האָט ער זיך פּלוצ־
לינג אַרויסגעכאַפּט — איר זייט אַ נאַר.

לעוואַנטקאָווסקי האָט נישט באַמערקט, ער האָט רוהיג געצויגן
דעם פּאַפּיראָס און האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקן רויך. פּלי־
געלמאַן האָט אים לאַנג אָנגעקוקט און געזאָגט:

— דייטליך רייד־ריג, וואָס טויג אייך אַזוי פיל קינדער, לעוואַנט־
קאָווסקי? איר זייט לייכטזיניג, כ׳לעבן.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— איך האָב גראָד זעקס, איר — גאָרנישט, איז גוט! לאָז
אייך דוכטן, אַז יעדערער האָט דריי. איז נישט גוט? זאָגט אַליין.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געקוואָלן פון זיין ווערטל, ער האָט זיך
צעלאַכט, און פּליגעלמאַנען האָט זיין געלעכטער נאָך מער
אויפגערעגט.

— הערט, לעוואַנטקאָווסקי, איר זייט אַ נאַר, אַ נאַר, איך
זאָג אייך, אַ נאַר, הערט, וואָס איך זאָג אייך, אַ נאַר...

פּליגעלמאַן האָט דערפילט, אַז ער ווערט אויפגערעגט און
האָט אָפּגעהאַקט, לעוואַנטקאָווסקי האָט געמאַכט זעהר אַ זויערע
מינע, עפּעס האָט אים דאָס אַלץ זעהר פאַרוואונדערט, ער האָט
זיך געזעגנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטע נאָז און איז אַרויסגעגאַנגען.

פּליגעלמאַן איז געבליבן אַליין אין שטוב, ער האָט גענומען
קלערן וועגן פּעסימיזם, נאָר די געדאַנקען האָבן פאַרלוירן זייער
שטייפקייט, און ער האָט פאַרגעסן אַ גאַנצן זאַץ, וואָס ער האָט
אַמאָל געדרייענקט אויף אויסנווייניג.

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און געחזרט פאַר
זיך: „ער איז אַ נאַר, אַ ריינער נאַר... אַ נאַר... אַ נאַר...
אַ נאַר“... און עפּעס האָט זיך געוואָלט דאָס וואָרט אַ סך מאָל
איבערחזרן.

עטליכע טעג האָט ער זיך געפילט שטאַרק צערודערט, באַ־
נאַכט איז ער מיט דעם בעטל געפאַלן עפּעס אין טיפע אָפּגרונטן.

ער האָט שטאַרק געזיפּצט אין שלאָף. באַטאָג איז אויף דער גאַס געווען גאָר אַ שלעכט וועטער, פליגעלמאַן האָט געפּרובט זיצן אין דערהיים. אין הויז, וואו ער האָט געוואוינט, איז עמיצער געשטאָרבן, און אויפן הויף האָט מען שרעקליך געוויינט און גע־מאַכט קולות, ביז דער שוואַרצער וואָגן איז געקומען און האָט דעם טויטן אַוועקגעפירט, און אויפן הויף איז שטילער געוואָרן. ער האָט געפּרובט לעזן, נאָר אָפּלייענענדיג אַביסל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געגעניצט און פאַר די אויגן האָט געשווינדלט, ער האָט זיך געלעגט, קוים איז ער איינגעשלאָפן, האָט זיך אים גע־חלומט אַ שלעכטער חלום:

ער האָט געטראָגן אַ לאַנגען, שטייפן טויטן גוף איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצער קאָלדרע. די קאָלדרע האָט ער געהאַלטן איןביידע הענט און איז געגאַנגען איינגעבויגן. געקומען איז ער פון אונטער דער שטאָט און געטראָגן דעם טויטן באַגראָבן. עס איז געווען פינסטער. מיט אים זיינען געגאַנגען צוויי שמשים און האָבן גערעדט צווישן זיך. פון שמועס איז ער געוואָר גע־וואָרן, אַז ער טראָגט זיין טויטע שוועסטער. ער איז געווען זעהר מיד. באַ אַ שוועל פון אַ געוועלב האָט ער זיך אויסגעגליטשט, דער טויטער איז אַרויסגעפאַלן און האָט זיך אָנגעשלאָגן מיטן קאָפּ אויף דער שוועל. און פון דער קאָלדרע האָט זיך געהערט אַ געוויין, ווי אַ קינד פּישטשעט. איין שמש האָט געזאָגט:

— טראָגט, פליגעלמאַן, זי איז טויט, דאָס איז נאָר אַ רע־פלעקסיע, טראָגט!

ער האָט ווייטער געטראָגן. דאָס קול איז געוואָרן אַלץ ציטעריגער, און ער איז געווען מיד, זעהר מיד, די שמשים האָבן אים צוגעשטופּט, געקלאַפּט אין די אַקסלען און צוגעאיילט, ער זאָל גיין גיכער. פליגעלמאַן האָט געוואָלט וויינען און האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט זיין אַ רעפלעקסיע, אַז ער איז טויט... אים איז געוואָרן זעהר שלעכט, און איז זיפצנדיג אויפגעשטאַנען פון שלאָף.

אין קאָפּ, איבערן רוקן האָט זעהר געבראָכן; אין צימער איז געווען אַזוי פינסטער, אַז אַפילו דער פאַרוואָלקנטער הימל האָט אַריינגעשיקט אַ קלאָרן אָפּגלאַנץ, און דער אָפּגלאַנץ איז שרעק־

ליכער געווען פֿאַר דער פֿינסטערניש. אויפֿן הויף האָט אַ קאַץ יאָמערליך געשריען, אויפֿגעהערט און ווידער אָנגעהויבן, דאָס געשריי האָט געריסן בײַם האַרצן, און עס איז ניט מעגליך געווען צו פֿאַרשטיין, וואָס איר פֿעלט, וואָס זי קלאָגט זיך אין דער טונקעלער נאַכט אַזוי שפּעט. פֿליגעלמאַן האָט זיך אײַנגעוויקלט אין דער קאָלדרע, די קאַץ האָט אַלץ געיאָמערט.

די גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפֿן. בײַטאָג אויף דער לעקציע זיצנדיג, האָט אים דער תּלמיד זעהר אויפֿגערעגט: ער האָט איבערגעזעצט אָנשטאָט: „די גרינע לאָמפּן פֿון אייערע שכנים" — „די לאָמפּ פֿון אייערע גרינע שכנים", פֿליגעלמאַן האָט אים געהייסן פֿאַרריכטן, און דער שילער האָט איבערגעזעצט: „די לאָמפּן פֿון אונזערע גרינע שכנים", ער איז בייז געוואָרן און האָט געכאַפּט דאָס אינגל פֿאַרן אַקסל, אים געטרייסלט און געשריען ניט מיט זיין קול:

— ג ר י נ ע שכנים! ווי קאָן דאָס זיין גרינע שכנים! ווי קאָן דאָס זיין!

אין מיטן האָט ער זיך דערמאָנט און האָט אָנגעהויבן צו ריידן ווייך:

— נו, זאָג אַליין! איז דאָס מעגליך? ווי?

נאָר דאָס קול זיינס האָט געציטערט, דאָס האַרץ האָט גע־קלאַפּט, ער האָט זעהר שווער געאָטעמט, און דאָס אינגל האָט זיך צעוויינט:

— פֿאַרשטיי דאָך... פֿאַרשטיי דאָך, דאָס איז דאָך אומ־מעגליך... דאָס אינגל האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז אַריין צו דער מוטער מיט אַ געוויין.

די מוטער איז אַריינגעקומען, און פֿליגעלמאַן האָט געפֿילט, אַז ער בּרויך איר צו געבּן פֿאַרשטיין, אַז „גרינע שכנים" איז אוממעגליך, און ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען טוט דאָס. די מוטער האָט געפֿרעגט:

— וואָס איז דאָס פֿאָרגעקומען צווישן אייך?

פֿליגעלמאַן האָט אַ ווײַלע נישט געענטפֿערט, נאָר די מוטער איז אַלץ געשטאַנען און געוואַרט. פֿליגעלמאַן האָט זיך עפּעס אַרויסגעכאַפּט:

— נאָר נישט. איך בין היינט צערודערט, מיין שוועסטער איז געשטאָרבן...

די מוטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער שוועסטער, פליגעלמאַן האָט אָנדערצײלט ליגנס, וואָס ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פון וואַנען זיי זיינען אים געקומען אין קאָפּ אַריין, און אַרויסגייענדיג האָט ער געחזרט: „איך בין קראַנק, איך בין קראַנק, קראַנק, קראַנק, קראַנק"... און פון דעם איבערחזרן איז אים ווידער לייכטער געוואָרן. אויף די איבעריגע לעקציעס איז ער ניט געגאַנגען. פאַרנאַכט איז ער אַהיים געקומען, אים האָט זיין שטוב זעהר אָפּגעשראָקן, און ער האָט זיך געלעגט אויפן בעטל און איז איינגעשלאָפן.

ער איז אויפגעשטאַנען זיפצנדיג, דערשוויצט, אין שטוב איז געווען פינסטער, דער ווייסער האַנטוך האָט אים אָפּגעשראָקן, ער האָט גיך געכאַפּט דעם פּאַלטאָ אויף זיך, און נישט באַ־מערקנדיג, וואו אַהין ער גייט, איז ער אַריין צו לעוואַנטקאָווסקין.

לעוואַנטקאָווסקי האָט אים שטאַרק געטרייסלט מיט דער האַנט אַזוי, אַז אין מח האָט זיך דערביי געוואָרפן. אַרום האָט זיך געזעהן בעטגעוואַנט, קינדערשע פּנימער. אין איין בעט האָט געזיפצט לעוואַנטקאָווסקים ווייב, פליגעלמאַן האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול און האָט איינגעדרימלט. אין דרימל האָט ער אויף זיך דערפילט לעוואַנטקאָווסקים האַנט, ער האָט אויפגעעפנט די אויגן, לעוואַנטקאָווסקי, האַלב אויסגעטאָן, האָט אים גע־שמייכלט אין פּנים אַריין, עפּעס גערעדט, אַז ער איז שכור... פליגעלמאַנען האָט זעהר געאַרט דער שמייכל, און ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס זעהר שטאַרקס, כדי ער זאָל אויפהערן צו שמייכלען.

— איך גיי צו דער ווייסל... האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— גייט שלאָפן, ס'איז קאַלט...

פליגעלמאַן האָט דערפילט, אַז אים איז קאַלט, אין שטוב האָט זיך געזעהן אַ פּאַרע, לעוואַנטקאָווסקי האָט געשמייכלט, און פליגעלמאַן איז אַרויסגעגאַנגען.

ער איז דורכגעגאַנגען אַ סך גאַסן און האָט נאָר באַמערקט, אַז ער רוקט זיך אָפּ פון איין לאַמטערן צו דער אַנדערער, אַז זיין

שאָטן ווערט קירצער און קירצער און וואַקסט ווידער אַרויס...
אויף איין גאַס האָט אים אָפּגעשטעלט עפּעס אַ מיידל, זי האָט געשמייכלט און גערדרייט מיטן קאָפּ לוסטיג, און אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען האָט זיך געהערט אַ פּוילער הוסט, וואָס האָט לאַנג געציטערט אין דער לופט... און דאָס אַלץ איז שווער געווען צו פאַרשטיין.

אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אויף דער בריק פון דער ווייסל און האָט זיך אומגעקוקט. אַ פּאָליציאַנט האָט אים נאָכגעקוקט. „איך האָב אַ פּאַספּאָרט", האָט ער זיך געטראַכט און געהאַלטן די האַנט פאַרן בוזעם.

אויף דער בריק איז ער געשטאַנען לאַנג. פון דערווייטנס האָבן זיך געזעהן צוויי שורות לאַמטערנעס, וואָס האָבן געבילדעט אַ פייערדיגע דלת. אין וואַסער האָבן זיך געוויגט זייערע שטראַלן, אויפן הימל האָבן זיך גערירט פאַרשיידענע שטיקער וואָלקנס, שוואַרצע און העלערע. זיי האָבן זיך עפּעס ווי גערדרייט, און איין עק דאָרטן זיך אויסגעמישט מיטן וואַסער. אויף דער בריק איז מען דורכגעפאָרן, און אַלץ אַרום האָט געציטערט... די פינסטערניש פון דערווייטנס איז אַלץ נעהענטער געוואָרן, די וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, און פאַר די אויגן האָט זיך גערירערט, גערירערט אָהן אַן אויפהער...

פליגעלמאַן האָט דערפילט, אַז זיין גאַנצער קערפּער שאָקלט זיך, און האָט זיך משער געווען, אַז ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, נאָר דאָס שאָקלען האָט לאַנג געדויערט, עס האָט זיך געהערט אַ געקלאַפּ פון רעדער אויף אַ האַרטן בריק. עפּעס האָט מען גערעדט צו אים אויף רוסיש, און ער האָט נישט פאַר־שטאַנען.

ער איז איינגעשלאָפן אין פּאָליציי־צירקל, אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געפילט, אַז ער ליגט אין וואַסער; איבער די אויגן האָט זיך געצויגן, געצויגן אַ בלויליכער שטראָם, און אים איז געווען לייכט און גרינג, נאָר אונטערן קאָפּ האָט ווי געטאָן. און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז געפאַלן אויף אַ שטיין.

אין דערפריה, אַז דער פּאָליציאַנט האָט אים מיט געוואַלד אויפגעשטעלט אויף די פיס, האָט ער זיך בשום אופן נישט געקאָנט

דערמאָנען, וואָס ער טוט דאָ, און ער האָט געקוקט מיט אויס־געגלאָצטע אויגן אַרום זיך, נאָר אַז ער האָט פֿאַר זיך דערזעהן אַ פּאָר שליפּעס מיט אַ שווערד און האָט דערהערט אַ שטריינג קול, האָט עפּעס אַ געדאַנק אויפֿגעבליצט אין זיין קאָפּ. ער האָט אַריינגעשטעקט פֿאַמעליך די האַנט אין דער בוזעם־טאַש און געדערט:

— איך האָב די ערע אונטערטעניגליך צו בעטן... באַגראָבט מיך. איך האָב אַ פּאַספּאָרט, אָט!

---

שוין צוויי שעה, ווי ער גייט מיט איר שפּאַצירן גאַס־איין גאַס־אויס, און פילט זיך גליקליך נעבן איר.

ניט גליקליך, נאָר כּמעט גליקליך. עס דוכט זיך אים, אַז אָט, אָט, נאָך אַ מינוט, נאָך פינף מינוט, וועט געשען עפּעס וויכטיגס, ווי אַ נס, און דאָס לעצטע רינגע ווענטל, וואָס שטייט צווישן האַרץ און האַרץ, וועט פאַרשוואונדן ווערן. עס וועט שלאָגן די ליכטיגע שעה, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, אַזוי לאַנג גע־האָפט, אַזוי לאַנג געבענקט.

איין מאָמענט נאָר, און אַלץ, אַלץ וועט זיין גאָר אַנדערש, ווי געווען. אַנשטאָט קליינליכע, נידעריגע געדאַנקען, אַנשטאָט נאַרישע ספקות און האַלבליכקייטן, אַנשטאָט אָרימע צעבראָכענע געפילן, אָהן נוצן, אָהן שיינקייט, אָהן קראַפט, — וועט איין איינציג געפיל באַוועלטיגן זיין האַרץ, און איין איינציגער שיינער, קלאָרער געדאַנק וועט זיך צעגיסן אין אים, ווי אַ העלע ליכטיג־קייט, וואָס דערקוויקט און דערפרישט און וועקט צו לעבן און מוט: דער געדאַנק, אַז אָט דאָס שטאָלצע פרישע באַשעפעניש איז פאַראייניגט מיט אים, איינס מיט אים.

נאָך אַ מינוט, נאָך פינף מינוט, וועט מער ניט זיין קיין „ער“, וואָס בענקט נאָך איר און גייט איר נאָך, ווי אַ שאָטן, און „זי“, וואָס דערנעהענטערט זיך אויף איין טריט און דערווייטערט זיך אויף צוויי, וואָס שטויסט אים אָפּ און לאַשטשעט אים ווידער צוריק, נאָר א י י ן גאַנצקייט וועט זיין, אַ האַרמאָניע פון צוויי הערצער— ליבע!

אויף די גאַסן איז שטיל; די קראָמען זיינען שוין געשלאָסן. א שיין פון דער לבנה גיסט זיך צוזאַמען מיט דער ליכט פון די

לאַמטערנעס אין איין באַזונדערער העלקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס די זומער־נעכט אין אַ גרויסער שטאָט. די לבנה, אַ העלע און אַ גאַנצע, קוקט אַרויס פון דאַן און פון דאָרט: פון דאַך אַראָפּ, פון אונטערן קוימען, פון אַ ווינקל גאַס, זי באַהאַלט זיך און באַווייזט זיך ווידער, בשעת זיי גייען. די נאַכט־וועכטער גייען פאַרביי, קלאַפּנדיג מיט די שטעקנס. פון צייט צו צייט הערט מען, ווי ערגעץ אין טויער קלינגט אַ גלאָק; איינ־צעלנע מענשן גייען פאָראיבער; אַ שכורער גייט דורך, וואַקלענדיג זיך; אַ דראָזשקע קלאַפּט מיט די רעדער אויפן האַרטן ברוק און פליהט פאַרביי. אָט איז די קירכע מיט איר הויכן שפּיץ; איבער איס לויערט אַ בלייך וואָלקענדל אַזוי רוהיג און שטיל, אַז ס׳רוכט זיך, עס האָט פאַרגעסן רירן זיך פון אָרט, און רוהט און שווייגט און טיקט זיך אין אייגענעם נחת. און אָט שיידן זיך די גאַסן: איינע, די, אויף וועלכע זיי גייען איצט, איז אַ לאַנגע און אַ ברייטע; די אַנדערע, וואו מאַניע וואוינט — אַ קרום און שמאָל געסל. בענדער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— מיר ווילט זיך איצט ניט אַריינגייען אין דעם שמאָלן געסל, — עס איז לאַנגווייליג. קומט, מאַניע; מיר וועלן נאָך אַביסל שפּאַצירן.

— ניין, בענדער, ס׳איז שפּעט.

און דאָך האָט זי זיך ניט גערירט פון אָרט. זי האָט אַרויס־גענומען פון בלוזע אַ זייגערל זעהן, ווי שפּעט ס׳איז. בענדער האָט עס גענומען פון איר און האָט עס געהאַלטן אַ ווײַלע מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן. דאָס קליינע שוואַרצע זייגערל איז אים פאָרגעקומען, ווי אַ טייל פון מאַניען, און האַלטן עס אין דער האַנט האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן, האָט גערייצט זיין פאַר־ליבט האַרץ.

— אַ פירטל אויף איינס — האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שווייגן.

זי איז געשטאַנען אַביסל פאַרטראַכט, דערנאָך האָט זי זיך אומגעקערט צו אים מיט ענערגישער באַוועגונג, האָט צוריק איינגעשטעקט דאָס זייגערל אין דער בלוזע און האָט געזאָגט:

— גוט, לאָמיר נאָך גיין. סיי ווי סיי שלאָפט מען שוין דאָרט. וואו אַהין?

— אַלץ איינס.

און ווידער זיינען זיי דורך פּלעצער און גאַסן; ווידער באַהאַלט זיך די לבנה און באַווייזט זיך צוריק; ווידער אַ דראָזשקע, אַ שכּורער... און דאָס לאַנגווייליגע געשפּרעך וועגן זאַכן, וואָס אינטערעסירן אים גאָר ניט, וועגן טעאַטער, וועגן באַקאַנטע א. אַז. וו. — דער געשפּרעך ציהט זיך אָהן אַ סוף. דאָס גליק קומט נישט — בּענדער האָט שוין ווידער אָנגעהויבּן צו בּוּנטעווען קעגן זיך אַליין.

דער אַלטער געראַנק, וואָס ער האָט היינט כּמעט געהאַט ווי דערשטיקט אין זיך, האָט ווידער גענומען ענבּערן אין קאָפּ נאָך שטאַרקער. צווישן אונז — האָט ער געטראַכט — איז קיין ליבּע, קיין האַרמאָניע, איז גאָרנישט ניטאָ, נאָר פּשוט: אַן אָפּמאַך. זי, אַ קלוג מיידל, וואָס וויל לעבּן, וויל טון מיט מיר, מיט אַ יונגעמאַן, וואָס פאַרדינט געלט, אַ גוטן שדוך פאַר זיך... און איך בּין אַ נאַר, אַ יינגל, פאַרשטיי קיינמאָל ניט, וואָס טוט זיך אַרום מיר.

ער האָט געשוויגן און זיך פאַרטראַכט. און דאָס שטילשווייגן פון דעם דאָזיגן מענשן, וואָס זי האָט אַלץ ניט געקאָנט באַגרייפן, האָט זי גערייצט און באַליידיגט. זי איז געגאַנגען האַרט נעבּן אים, האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין, נאָר ער האָט גע־שוויגן, געשוויגן מיט אַ פאַרבּיסענער איינגעשפּאַרטקייט, און נאָר אין זיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אין זיינע פעסט געשלאָסענע ליפּן, האָט זי דערקענט, אַז ער איז פאַרטראַכט. אַ שטאַרקער פאַרלאַנג האָט זי פּלוצלינג באַוועלטיגט צו וויסן, וואָס ער טראַכט, צו גע־פינען דעם שליסל צו זיין האַרץ:

— וואָס שווייגט איר, בּענדער? — האָט זי געפרעגט.

— מיר איז אַזוי אויך גוט, מאַניע — האָט ער געענטפערט, טראַכטנדיג דערבּיי, אַז ער זאָגט ליגן — מיר ווילט זיך ניט רייד, פילאָזאָפירן, נאָר גיין נעבּן אייך און זיין גליקליך.

— וואָס פאַר אַ שרעקליכער עגאָאיסט איר זייט! שטענדיג טראַכט איר נאָר וועגן זיך, און וועגן אַנדערע טראַכט איר קיינמאָל ניט.

— דאָס איז וואָר — האָט בענדער געענטפערט קורץ.

דער דאָזיגער ענטפער, וואָס זי האָט אָפט מאָל געהערט פון בענדערן, האָט זי שטענדיג געבייזערט און באַליידיגט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט באַהאַלטן זיין אינערליכעס פון איר. זי האָט געענטפערט בייז:

— שטענדיג ענטפערט איר אַזוי: „דאָס איז וואָר, דאָס איז וואָר"; דאָס וויים איך אָהן אייך. איך וויל וויסן: פאַרוואָס איז דאָס ניט וואָר. איר האַלט מיך אַפילו ניט פייהיג צו פאַרשטיין אייך? וואָס!

— איר האָט רעכט, מאַניע.

דער געשפּרעך איז אָפּגעהאַקט געוואָרן, און זי האָט געוואָלט גיין אַהיים. בענדער האָט זי מער ניט אָפּגעהאַלטן. ער האָט זי באַגלייט ביז פאַר איר טויער, און בּאַם געזעגענען האָט ער צוגעפּרעסט איר האַנט צו זיינע ליפּן און האָט זי געקושט.

צו וואָס ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער ניט פאַרשטאַנען, און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דער קוש איז געווען אַ נאַרישע צופעליגע טאַט, ווי אַלע זיינע טאַטן, ווי אַלע זיינע געדאַנקען און ספקות.

אַמאָל איז ער געזעסן האַרט נעבן מאַניען אויף דער סאָפע בּאַ איר אין שטוב. ערשט פאַר עטליכע מינוט איז מאַניע געווען לוסטיג־לעבעדיג, פול באַוועגונג, פול געלעכטער. זי האָט זיך געזעצט און צוריק אויפגעשטאַנען, האָט גערעדט און געוויצלט זיך, און יעדער גליד אירער, יעדער צוג פון איר געזיכט האָט ווי גערופן: „איך בין אַ פרייער פויגל, פול לעבן, פריש און גליקליך". איצט איז זי פאַרשוויגן געוואָרן און זיך ווי אונטערגעגעבן. אירע האָר זיינען ניט געווען אין אָרדענונג, זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אירע אַקסלען, באַדעקט אירע אויערן און האָבן ציטערנדיג געשפּילט אויף אירע באַקן, אויף אירע אויגן. איר קליין שוואַרצ־ליך געזיכט האָט ווי איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייט; עפּעס אַן ערנסטקייט איז איצט געלעגן אויסגעגאָסן אויף דעם פּנים. אירע אויגן זיינען ווי טיפער געוואָרן, אַ לייכטער שאָטן פון שמערץ און בּיינקשאַפט האָט זיי באַדעקט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ

לייכטער בלוזע... ער האָט געגלעט אירע האָר, געקושט אירע באַקן, אירע אויגן, איר שטערן, און זי האָט גערערט ווייך און בעטנדיג:

— צו וואָס דאָס בענדער? ניט שיין פאַר אייך... הערט אויף!

נאָר דאָס זיינען געווען אומזיסטע ווערטער, אָהן באַדייטונג, וואָס האָבן געקלונגען, ווי אַ שוואַך ווייט ווידער־קול פון עפּעס אַ וויסטעניש, וואָס ער איז שוין לאַנג דורכגעגאַנגען און וואָס ער האָט שוין פאַרגעסן. זי האָט איצט אים געהערט, געווען אין זיין מאַכט: ער האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיך, אירע אַקסלען האָבן געציטערט אונטער זיין אומאַרעמענדיגער האַנט, און אירע פלינקע רירעוודיגע הענט זיינען איצט געלעגן אָהן ענערגיע, אָהן מאַכט, ווילנלויז; אירע ליפּן נאָר האָבן ניט אויפגעהערט צו בעטן:

— לאָזט אָפּ, בענדער... באַ גאָט... וואָס טוט איר!

בענדער האָט זיך געבייזערט:

— שווייג! איך וויל ניט, דו זאָלסט איצט ריידן!

און ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין איינענער שטימע. דאָס איז ניט געווען קיין שטימע פון אַ פאַרליבטן, נאָר עפּעס אַ געשריי פאַר אַ גרויסן ווייטאָג. דער מאָמענט איז גענוג געווען, אַז ער זאָל זיך אויסניכטערן און זאָל ווידער קלאָר טראַכטן זיינע אַלטע פּייניליכע געראַנקען. ער האָט געקוקט מיט רחמנות אויף דעם שיינעם באַשעפעניש, וואָס איז געזעסן נעבן אים דער־שראָקן, ווילנלויז און געפּייניגט.

— דו ליבסט מיך ניט, מאַניע! זאָג די וואָרהייט...

— איך וויים ניט, בענדער; איך אַכט אייך זעהר, זעהר.

— און דיר איז ניט אַנגענעם, אַז איך קוש דיך? קאָנסט ניט ליידן?

אַ קליינער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן. זי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פילן פריי, שטאָלץ און טראָציג. זי איז צוגעגאַנגען צו דעם קליינעם שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט פאַרפלאָכטן אירע האָר און געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן איר רעדט היינט! אַלץ ווילט איר וויסן. גריבלען און גריבלען אָהן אויפהער...

„איך האָב זי אַרויסגעלאָזט פון מיין מאַכט, און זי, אַ באַ־פרייטע, האָט ווידער גענומען בייסן, קראַצן ווי אַ קאַץ" — האָט בענדער געטראַכט.

— ניין, מאַניע — האָט ער געזאָגט — איך ליב ניט קיין אומקלאָרקייטן, איך קאָן דאָס מער ניט איבערטראָגן. דו פּייניגסט מיך, דו האָסט מיין רוה געראַובט, איך בין צעררייצט, אויפגערעגט טאָג ווי נאַכט. זאָג, איך בעט דיך: בין איך דיר צווידער? קאָנסט דו מיינע קושן ניט ליידן?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, האָט געמאַכט אַן ערנסטע פאַר־טרויערטע מינע און געזאָגט:

— מען דאַרף דאָך ניט זיין לייכטזיניג און מען קאָן זיך דאָך ניט לאָזן קושן פון יעדן!

— און איך בין „יעדער"?

זי האָט ווידער געשמייכלט, צופרידן פון זיך און פון איר טאָן, און האָט געענטפערט:

— איך אַכט אייך זעהר, זעהר.

און ווי אים איבערצובעטן, האָט זי זיך געזעצט נעבן אים אויף דער סאָפע. ער האָט גענומען איר האַנט אין זיינע. זי האָט ניט געשטערט און האָט געוואַרט צו זעהן, וואָס פון דעם וועט אַרויס.

— זאָג, מאַניע — האָט ער זאַנפט געפרעגט — קאָן מען קושן אַ מענשן, וועלכן מען אַכטעט?

— און צו וואָס פרעגט איר דאָס?

— איך וויל, דו זאָלסט מיך קושן.

— נו, לאָזט אָפּ, בענדער, איך בעט אייך...

— ניין, איך לאָז דיך היינט ניט אָפּ — האָט ער געזאָגט מיט צוריקגעהאַלטענער אויפרעגונג — איך מוז וויסן, איך מוז זיך איבערצייגן, מאַניע...

— זייט איר היינט אַ מאָדנער מענש, בענדער! הערט אויף, איך בעט אייך...

נאָר ער האָט זי מער ניט געלאָזט ריידן, ער האָט אַרומ־גענומען איר קאָפּ מיט זיינע ביידע הענט און האָט אים צוגע־פּרעסט צו זיין קאָפּ:

— איך לאָז דיך ניט אָפּ, מאַניע, ביז דו וועסט ענטפערן. איך מוז וויסן, מאַניע, דו מוזט ענטפערן: יאָ צי ניט; איצט, די מינוט!

אירע ליפּן האָבן קוים באַרירט זיין שטערן, און ער האָט געפילט אַ לייכטן ציטער פון די ליפּן, — אַ קורצן, איילנדיקן קוש.

באַלד דערנאָך האָט זי זיך געזעצט אויף אַ בענקל באַליידיקט און מיד. ער האָט נאָר באַמערקט איין בליק פון אירע אויגן: דער בליק האָט אויסגעדריקט כעס און אַ שטילן שמערץ פון אַ געפּייניקטער.

ער האָט זי געקושט אויפן שטערן און איז אַרויסגעגאַנגען בייז, אויפגערעגט, מיט אַ צערודערט געמיט.

באַ בענדערן אין צימער איז געזעסן מאַניע און נאָך עטליכע באַקאַנטע. מען האָט פיל גערעדט, פיל געלאַכט און פיל גערוישט. מאַניע, וואָס האָט געשפּילט די ערשטע פידל אין דער קאָמפּאַניע, האָט געלאַכט און איז לוסטיג געווען נאָך מער, ווי געוויינליך, בענדערן איז דערווידער געווען איר לאַכן, אירע באַוועגונגען; אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען געמיינט קעגן אים, אויסגערעכנט אים צו ערגערן. ער איז געזעסן באַם טיש, אַריינגעקוקט אין אַ בוך, שטיל און בייז. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיין אויסערליכע רוה און האָט זיך אַלע ווײַלע געווענדט צו אים דאָ מיט אַ וויץ, דאָ מיט אַ פראַגע, ער האָט קורץ געענטפערט און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. אין דער לעצטער צייט האָט מאַניע אָנגעהויבן צו פילן, אַז בענדער רוקט זיך פון איר אָפּ, און דעם געדאַנק האָט זי גלייכגילטיג ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

פּלוצלינג נאָר איז איר איינגעפאַלן צו גיין אַהיים, און זי האָט גערופן מיט איר קלינגענדיגער שטימע:

— ווער באַגלייט מיך היינט אַהיים? שנעל!

דער ערשטער האָט זיך אָפּגערופן מאירזאָן, דאָס איז געווען די דריטע פּערזאָן, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי. ער איז געווען יונג, שיין, געזונט און זעהר פויל. געלעבט האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט געבאָרגט באַ באַקאַנטע, און איז דעריבער

געווען זעהר ווייך, און אויף זיין פּנים איז שטענדיג געלעגן אַן אויסדרוק, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיגן און בעטן, מען זאָל אים מוחל זיין. מיידלאַך האָבן אים ליב געהאַט, אויסער מ אַ נ י ע, וואָס האָט צו אים ניט געפילט קיין גרויסע סימפּאַטיע, און נאָר כּדי צערייצן בּ ע נ ד ע ר ן, האָט זי זיך צו אים טיילמאָל גוט פאַרהאַלטן. איצט האָט זי ניט געוואָלט, ער זאָל זי בּאַגלייטן, און האָט געזאָגט:

— נו, לינט אייך, מאַירזאָן, ווייטער אויף דער סאָפע. איר זייט מיר שוין דערעסן געוואָרן. מיינע הערן, ווער וויל מיך בּאַגלייטן?

בּ ע נ ד ע ר איז געזעסן און ניט גערירט זיך פון אָרט. ער איז געווען פול אָנגעלאָדן מיט כּעס. אַלע אירע רייד האָבן אים גענערגערט. „קיין איין ערליך וואָרט, קיין איינציג וואָרט אָהן אַ זייטיגן מיין רעדט זי ניט"! האָט ער געטראַכט. אַלץ אין איר האָט אים אויסגעזוען געפעלשט, נידעריג, ניט ווירדיג. ער האָט זי איצט טיף געהאַסט און געפילט אַ בּאַדערפעניש זיך נוקם צו זיין אָן איר.

נאָר פּלוצלינג איז זי צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפגעלעגט איר האַנט אויף זיין אַקסל ענערגיש און געזאָגט:

— בּ ע נ ד ע ר, בּאַגלייט מיך אַהיים.

און די קליינע בּאַרירונג פון איר האַנט האָט געמאַכט אַ איבערקערעניש אין זיינע געפילן. מיט איינמאָל איז דער גאַנצער האַס פאַרשוואונדן, ער האָט נאָר געשפּירט יענע צערייצטקייט פון זיין גאַנצן וועזן, וואָס אַ בּאַרירונג פון איר האָט שטענדיג אַריינגעבּראַכט אין אים. די צערייצטקייט, וואָס ער האָט אין דער לעצטער צייט לאַנג ניט געפילט, וואָס האָט אים געפעלט, וואָס די בּיינקשאַפט נאָך איר האָט אים געקוועלט. נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך געראַנגלט מיט דער רעה, גיין אָדער ניט, נאָר נאָך איין ווייכער בּליק פון אירע אויגן האָט איבערגעוואוינן די שאָל. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אָנגעטאָן דעם אויבערמאַנטל און איז געגאַנגען מיט איר.

— ווי פאַרבּלענדט איך בּין געווען, מ אַ נ י ע — האָט בּ ע נ ד ע ר געזאָגט, גייענדיג מיט איר אויף דער גאַס — אָט שוין

עטליכע חדשים, ווי מיר דוכט זיך אַלץ, אַז איך שטיי נעבן דער שוועל פון מיין גליק. און יערן טאָג האָב איך געהאָפט, אַז איך וועל ווערן אַ נייער מענש, ווי איבערגעבאָרן; אַז אַלץ אין מיר וועט זיך באַרוהיגן, אַז מיין צעריסענע צעהאַקטע זעלע וועט פריי אויפעטעמען; אַז איר, איר וועט מיר געבן דאָס גרויסע גליק, פון וועלכן איך האָב נאָר געהערט אַנדערע ריידן, און וואָס איך אַליין האָב קיין איינציגע מינוט אין מיין לעבן ניט געפילט. אין אייך האָב איך געהאָפט צו געפינען די דערלייזונג פון דעם גאַנצן פאַרווירטן לעבן, פון די אַלע מענשן, טאַטן, געדאַנקען און געפילן, וואָס זיינען מיר דערעסן געוואָרן ביז צום דערשטיקן. וואָס פאַר אַ טעות איך האָב געהאַט! אָנשטאָט גליק האָט איר מיר געגעבן שטענדיגע ליידן, האַס...

מאַניע האָט אים איבערגעהאַקט:

— אייך, בענדער, דאַרף מען נאָר געבן און געבן. איר שטייט שטענדיג מיט אָפענע הענט און וואַרט, מען זאָל אייך געבן. און שטענדיג קלאָגט איר אייך און שטענדיג בלייבט איר גערעכט. פאַרוואָס נעמט איר ניט דאָס גליק, אויב איר ווילט עס. גליק דאַרף מען נעמען, דאַרף מען נאָכיאָגן, ניט שטיין ווי אַ בן־יחיד און וואַרטן, ביז מען וועט געבן. פאַרוואָס זאָל מען אייך געבן? מיט וואָס האָט איר דאָס פאַרדינט?

זי האָט אים איבערראַשט מיט איר ענערגישן ענטפער. ער האָט אויף אַזעלכע רייד ניט געוואַרט און האָט געענטפערט מיט אַ געקינסטלטער רוהיגקייט:

— ווי עס זעהט אויס, האָבן מיר זיך ביידע שוין גענוג פיינט. אפשר וועלן מיר מאַכן אַ סוף, מאַניע?

— דאָס הייסט?

— מיר וועלן זיך שיידן, ווי פריינט אָדער פיינט?

מאַניע האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין און האָט געענטפערט שמייכלענדיג:

— נו, דאָס רעדט איר דאָך נאָר אַזוי; שיידן זיך וועט איר אייך ניט, איך וויל דאָס ניט.

— נאָר איך וויל, מאַניע.

— איר ווילט ניט, בענדער; ניט וואָר?

— גלויבט, מאַניע, איך װיל. איך האָב קיין כּח מער.
אַז זיי זיינען צוגעקומען צו איר טיר, האָט זי געזאָגט:
— נו, גיט די האַנט, בענדער, אַז איר װילט... אַך, װאָס פאַר אַ קאַלטע האַנט איר האָט! — זי האָט לענגער געהאַלטן זיין האַנט אין אירער, זי האָט זיך אַביסל צוגעבויגן צו אים, װי זי װאָלט געװאָלט נעהענטער מאַכן איר פרישן יוגנטליכן קערפּער צו אים. ער האָט דעם רייץ ניט געקאָנט װידערשטיין, האָט זי אַרומגענומען, זי העפטיג געקושט, און זי איז אַװעק מיט אַ פרעטענזיע:
— װאָס איז מיט אייך, בענדער? דאָס איז גראָב!
אַ גאַנצע נאַכט דערנאָך איז בענדער ניט געשלאָפן, אירע לעצטע װערטער זיינען אים ניט אַרויס פון זין, און דרייענדיג זיך פון איין זייט אויף דער צװייטער, האָט ער זיך געפרעגט און איבערגעפרעגט: צו װאָס, צו װאָס איז דאָס געשען?

צו מאָרגנס האָט בענדער געקויפט בילעטן אויף אַ קאָנצערט און האָט מאַניען געשריבן, אַז װיל ער װעט ערשט שפּעט פריי װערן פון זיין אַרבעט, דעריבער זאָל זי װאַרטן באַ זיך אויף אים. און װי נאָר ער װעט קומען, װעלן זיי צוזאַמען פאָרן. ער האָט אַביסל פאַרשפּעטיגט, האָט זעהר געאיילט און אַריינקומענדיג צו איר אין צימער, האָט ער געטראָפן מאיר־זאָנען זיצן.
„די אַלטע פּאָליטיק הויבט זיך אָן" — האָט ער געטראַכט.
— איר פאָרט אויך אויפן קאָנצערט? — האָט ער געפרעגט מאירזאָנען.
— אַ שאלה דאָס איז! איר האָט דען אַ באַגריף װאָס פאַר אַ זאַכן הײנט װערן געשפּילט! איר װייסט, מאַניע, איך װאָלט ניט געגעסן און געטרונקען, אַבי צו הערן מוזיק. צװיי גוטע זאַכן, זאָג איך, זיינען פאַראַן אויף דער װעלט: צו ליגן אויף דער סאָפע און צו הערן מוזיק, און אויסער דעם איז אַלץ נאָר־נישט, גאָרנישט. ניט װאָר?
— אָריגינעל — האָט מאַניע געענטפערט — און איר, װי מיינט, בענדער?

— איך מיין גאָרנישט; לאָמיר גיין.

זיי זיינען איינגעשטיגן אין טראַמוויי. מאַניע, אַריינגייענדיג אין וואַגאָן, האָט זיך געזעצט נעבן מאירזאָנען, ווייטער פון בענדערן. די גאַנצע צייט האָט זי זיך עפּעס געסודעט מיט מאירזאָנען, אין מיטן האָט זי זיך הויך צעלאַכט און בענדערן ווי גאָר ניט באַמערקט. ער איז געזעסן ווי אויף גליהענדיגע קוילן. אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון טראַמוויי און גיין, און ער וואָלט דאָס געטאָן, ווען ער וואָלט זיך ניט שעמען פאַר מאירזאָנען. באַם אַריינגאַנג צום קאָנצערט, האָט זיך מאַניע געווענדעט צו אים:

— וויפיל בילעטן האָט איר געקויפט, בענדער?

— צוויי.

— און פאַר מאירזאָנען? איר האָט פאַרגעסן, אָדער וואָס? מען דאַרף קויפן נאָך איין בילעט.

קעגן זיין ווילן האָט בענדער געמוזט קויפן נאָך אַ בילעט, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אַז מאירזאָנען האָט זי עקסטרע מיטגענומען, כּדי אים צו ערגערן און צו שטערן זיין רוה.

„ווי מאָרנע דאָס קומט אויס"! — האָט ער געטראַכט מיט פאַרביסנקייט — „זי צווינגט מיך, אַז איך אַליין זאָל העלפן מיך פייניגן"!

אַז זיי זיינען אַריינגעקומען אין אָפּענעם גאָרטן, האָט דער אָרקעסטער שוין געשפּילט. קוים האָט מאירזאָן דערהערט עטליכע טאַקטן, האָט ער זיך שוין אַנטציקט:

— ווי שיין, ווי גרויסאַרטיג! קיין דערהויבענערע זאַך, זאָג איך, איז ניט פאַראַן אויף דער וועלט, ווי מוזיק. הערט! הערט! שרעקליך!

דאָס האָט נאָך מער אויפגערעגט בענדערן, און אויך דאָ, אין גאָרטן, איז מאַניע געזעסן אויף דער זייט פון מאירזאָנען. אַלץ איז געווען עקסטרע געמיינט קעגן אים. ער האָט זיך געפילט באַליידיגט, געקוועלט. און די מוזיק האָט אים נערווירט ביז טרערן. די טענער זיינען אַריינגערונגען אין זיין פאַרביטערט האַרץ, האָבן אים געלאַשטשעט און געטרייסט און איבערגעבעטן. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען ער האָט פאַרגעסן

מאַניען און מאירזאָנען און די גאַנצע וועלט און האָט נאָר געדיינקט זיין איינציג גרויס אומגליק, אַז ער איז איינזאַם און עלנט, און קיין מענש און קיין זאַך עקסיסטירט ניט אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל דערויף קאָנען זאָגן: „אָט דאָס האָב איך ליב, אָט דאָס האָב איך מיר אויסגעוויילט, אָט דאָס געהערט מיר". טיילמאָל ווידער איז אין זיין האַרצן אַנטשטאַנען אַ שרעק־ליכער האַס צו דער דאָזיגער אומבאַרעמהערציגער, אומגערעכטער מאַניע, און ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף זיך נוקם זיין אָן איר, אַריינלאָזן איר אַ קויל אין דער ברוסט און טויטן זי אויפן אָרט. און ווידער אַ מאָמענט האָט זיך זיין גייסט באַרוהיגט, און דער געדאַנק וועגן טויט האָט זיך אָפּגערופן פון אַ ווינקל מח.

„ווי אַ הונט, ווי אַ הונט וועל איך שטאַרבן!", האָט זיין האַרץ געוויינט צוזאַמען מיטן אָרקעסטער, און די אויגן זיינע זיינען פול געוואָרן מיט טרערן.

עס האָט זיך געענדיגט דער ערשטער טייל, ער האָט גע־עפנט די אויגן און געזעהן, אַז מאירזאָן מיט מאַניען הויבן זיך אויף און גייען זיך איבערשפּאַצירן.

ער האָט זיך אויך אויפגעהויבן און געגאַנגען אַהיים, ניט געזעגענדיג זיך מיט זיי.

צו מאָרגנס איז בענדער געגאַנגען אויף דער גאַס. ער האָט זיך געפילט מיד און מאַט. אַ גאַנצע נאַכט איז ער נישט געשלאָפן, אין געשעפט אַריין איז ער ניט געגאַנגען און האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף די גאַסן אָהן ציל. פּלוצלינג האָט ער דערזעהן פאַר זיך מאַניען, וואָס האָט זיך דערנעהענטערט מיט גיכע טריט:

— וואו זייט איר נעכטן אַהינגעקומען? — האָט זי געפרעגט, דערלאַנגענדיג אים די האַנט.

נאָר ער האָט איר ניט געגעבן זיין האַנט; ער איז געבליבן שטיין אויפן אָרט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק. זי איז בלייך געוואָרן און האָט פּאַמעליך אָפּגעטראָטן פון אים.

בענדער האָט איר נאָכגעקוקט, ביז זי איז אַריין אין אַן אַנדערער גאַס, און ער איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

---

יעקב בענדער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיג, אַ הויך־געוואַקסענער מיט אַ מאָגער, בלאַס פּנים, מיט פיל קנייטשן אויפן שטערן און מיט אַ געגאָלטער באָרד, האָט געשפּאַנט איבער זיין צימער אַרויף און אַראָפּ, פאַרטיפט אין געדאַנקען. אויפן טיש איז געלעגן אַ בריוו, וואָס ער האָט ערשט דערהאַלטן פון רחלען, פון דעמזעלבן מיידל, וואָס ער האָט צוויי יאָר נאָכאַנאַנד נישט געלאָזט פון אויג. איצט האָבן אַלע זיינע געדאַנקען געפלאַטערט אַרום איר. יעדעס מאָל, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרן טיש, האָט זיין בליק זיך ווי אומגערן אָנגעשלאָגן אָן דעם בריוו.

קלאָר זיינען איצט זיינע געדאַנקען נישט געווען; ער האָט נאָר געטראָגן אין געפיל אין האַרצן, אַ געפיל פון צופרידנקייט און פון זיג. און איז געווען נישט ווי געוויינליך אויפגעמונטערט. אין אַזאַ אַרט צושטאַנד האָט ער געקאָנט שפּאַנען איבערן צימער דריי, פיר שעה, איבערגעגעבן זיך אין רשות פון לייכטע, פלאַטער־דיגע געדאַנקען, און פילן דערביי אַ דערלייכטערונג, ווי עמיצער וואָלט אים שטיל גלעטן די האָר און איינרוימען: „דו ביסט אַן ערנסטער, אָרנטליכער מענש, בענדער: נישט אומזיסט...“

אין זיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע האָבן זיך אַלע ווילע אָנגערופן פון דאָס ניי די ווערטער, וואָס רחל האָט געלאָזט פאַלן אין איר בריוו ווי אומגערן: „נאָך דעם אַלעם מוז איך מודה זיין, אַז איך קען אייך ניט: האָט איר מיך ליב?“ און יעדעס מאָל, ווען די ווערטער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין געדעכטעניש, האָט אַ צופרידענער שמייכל געשפּילט אויף זיינע ליפּן, און ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס רחל האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז זיין

געלעכטער איז עפּעס אַ מאָרנער, אַז אַפילו ווען ער לאַכט, בלייבט זיין פּנים ערנסט און טרויעריג, ווי געוויינליך. ראַמאָלסט, ווען זי האָט אים דאָס געזאָגט, האָט ער עס זיך גענומען צום האַרצן און עס האָט אים געערגערט: איצט פאַרקערט, האָט דער געדאַנק נאָר אַרויסגערופן צופרידנקייט און שטאָלץ, ווי אַלע איבעריגע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין זיין קאָפּ.

אַ סקריפּ פון דער טיר, וואָס מען האָט געעפנט, האָט איבער־געריסן דעם פאָדעם פון זיינע געדאַנקען, אין צימער איז אַריינ־געקומען די רינסט, אַ יונגע שיינע קריסטין, און איז געבליבן שטיין, ווי געוויינליך, באַ דער טיר, אַשטיינער, ווי זי וואָלט מורא האָבן נעהענטער צוצוגיין צו אים.

— דער „פּאַן" וועט טרינקען טיי? — האָט זי געפרעגט.

בענדער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, האָט גע־שמייכלט און געזאָגט:

— איך וועל טרינקען.

די רינסט האָט אויסגעזעהן איצט גאָר באַזונדערס שיין. דאָס גרינע ליכט פון דער לאָמפּ, וואָס האָט באַדעקט איר פּנים און איר ברוסט, האָט צוגעגעבן עפּעס אַ באַזונדערן רייץ צו איר איינפאַכער שיינקייט. זי איז, ווי געוויינליך, געשטאַנען אַ ווייַלע באַ דער טיר און נישט גערירט זיך פון אָרט. דער גאַנצער בענדער, זיין בליק, וואָס זי האָט ניט געקאָנט פאַר־טראָגן, זיינע קורצע אָפּגעהאַקטע ענטפערן און זיינע נערוועזע, גיכע באַוועגונגען — זיינען איר מאָרנע פאַרגעקומען און האָבן באַליידיגט איר ווייבליכעם זעלבסט־געפיל. זי איז געוויינט געווען צו יונגעלייט, וואָס זיינען איר נאָכגעלאָפן, וואָס האָבן זי געקושט און אַרומגענומען, און וואָס זי האָט אָפּגעשטופּט און געזידלט. בענדער אָבער האָט מיט איר פיל ניט גערעדט. ניט געקושט זי, אַפילו זי ניט איינמאָל אָנגערירט. און דאָך, יעדעס מאָל, ווען ער איז צו איר נעהענטער צוגעגאַנגען איין טריט, האָט זי זיך דערשראָקן און איז בלאַס געוואָרן. איר האָט זיך געדוכט, אַז אָט פאַלט ער אָן אויף איר...

בענדער, וואָס האָט זיך איצט געפילט אויפגעמונטערט און פריילעך, האָט זיך געווענדט צו איר מיט אַ שמייכל.

— צי האָט מאַריאַשאַ אַ חתן? —

— אַ חתן? פון וואַנען זאָל איך האָבן אַ חתן? איך דאַרף ניט קיין חתן.

— נאַר... און בענדער האָט געפּילט, אַז די צונג באַוועגט זיך אים ניט פרײַ, און וואָלט שוין צופרירן געווען, די רינסט זאָל אַרויסגיין פון צימער, זי אָבער איז ווייטער געשטאַנען און געזאָגט מיט אַ געלעכטער:

— איך האָב געהאַט אַ חתן. פאַר צוויי יאָר האָב איך געהאַט אַ חתן, כ׳וואָלט געהאַט פיל געלט, וואָלט איך געהאַט אַ חתן...

— נו, זאָל מאַריאַשאַ ברענגען טיי.

די רינסט איז אַרויסגעגאַנגען, באַלד איז זי צוריקגעקומען און געבראַכט טיי, נאָך אַמאָל איז זי געבליבן שטיין אַ ווײַלע בײַ דער טיר און האָט געקוקט אויף בענדערס קאַרק, וועלכער איז געזעסן בײַם טיש איינגעבויגן, ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען. ער האָט עקסטרע ניט אויסגערדרייט זיך און האָט נאָר געפּילט איר נאָהענטקייט, וואָס איז איצט אים געווען צו לאַסט. צום סוף איז זי אַרויס פון צימער; בענדער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. גענומען שפּאַנען אַרויף און אַראָפּ און איבערלייגן זיך אין קאָפּ אַ בריוו צו רחלען.

„איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט קיין ליגן און וועל ניט זאָגן!" — האָט ער געטראַכט מיט שטאָלץ אויפגערעגטערהייט. „איך וועל פּרובירן צו געבן איר מיין האַרץ נאַקעט אַזוי, ווי עס איז; איך וויל זיין פאַר איר, וואָס איך בין". ער האָט זיך צוריק־געזעצט, איבערגעווישט מיט דער האַנט דעם שטערן, אַ ווײַלע געגלאָצט אויפן שפּיץ פעדער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און האָט גענומען שרייבן:

„טייערע רחל!

„אָט ערשט איצט האָב איך ערהאַלטן אייער בריוו, וואָס האָט מיין האַרץ דערפילט מיט צופרידנקייט און פרייד. און איך איל זיך באַלד אייך צו ענטפערן, ניט אַכטנדיג, וואָס איך דאַרף געבן אַן ענטפער אויף אַזאַ שווערער און ערנסטער פראַגע, ווי די, וואָס איר האָט מיר פאָרגעלעגט. איך וויל איין מאָל ריידן,

ווי מיט מיין אייגן האַרץ, דערקלערן אייך, טייערע, און אויך מיר אַליין קלאָר מאַכן מיינע געפֿילן.

„איך האָב אייך שוין געשריבן, אַז די לעצטע צייט, זינט איך האָב באַקומען אַ שטעלע און פֿיר אַן אַנשטענדיגן, רעגולער לעבן, פֿיל איך מיך זעהר שלעכט און אומצופֿרידן, מיינע נערוון זיינען נאָך מער אויפֿגערעגט. מיינע אַלטע באַקאַנטע דערווייטערן זיך פֿון מיר איינער נאָכן אַנדערן, גלייך איך וואָלט באַגאַנגען אַ שווערע זינד, און, דעם אמת זאָגנדיג, פֿיל איך זיך אַליין אויך זינדיג... פֿאַרוואָס? — איך ווייס ניט. פֿילייכט דעריבער, ווייל איך בין געוויינט שוין עטליכע יאָר צו וואוינען אין אַן איינג, שמוציג צימערל, ניט צו דערעסן און ניט צו דערשלאָפֿן, טיילמאָל צו הונגערן, מיט איין וואָרט: ווייל איך האָב מיך צוזאַמענגעלעבט מיט דער נויט. יעדער אָנפֿאַנג איז שווער. איך וועל צוגעוויינט ווערן און דאַמאָלסט וועל איך לעבן, ווי אַלע מענשן אַרום מיר, זאָל זיין, וואָס ס׳וויל! מ׳קאָן מיך רופֿן „בורזשואַ“, „אַ מענש פֿון דער מענגע“; איין זאַך וועל איך ניט לאָזן צונעמען בײַ מיר, איין זאַך נאָר ווייס איך זיכער: איך האָב קיין ליגן ניט געזאָגט, איך האָב קיינמאָל ניט ג ע וו אָ ל ט קיין ליגן זאָגן. און דאָך גלויבט מיר, טייערע, אַז פֿון יינגלוויז אָן ביז איצט האָט זיך נאָך ניט געטראָפֿן, איך זאָל ריידן מיט אַ מענשן אַ לענגערע צייט, און איך זאָל דערבײַ ניט האָבן דאָס אומאַנגענעמע, עקלדיגע געפֿיל: אַז איך באַהאַלט עפּעס אין מיר, אַז איך מאַך זיך שענער און בעסער, אַז איך בין ניט, וואָס איך בין. נאָר מיט אייך, טייערע, האָב איך פֿאַרבראַכט פֿיל שטונדן, ניט צו האָבן דערבײַ דאָס עקלדיגע זינדיגע געפֿיל. און אויך איצט שרייב איך אייך, און מיין האַרץ פֿילט זיך פֿריי און וואָר דערבײַ.

„אייך האָט געוואונדערט מיין אויפֿפֿירן זיך די גאַנצע צייט, ווען איר זייט דאָ געווען, קיין איינציג קלאָר וואָרט האָב איך אייך ניט געזאָגט: קיין איינמאָל ניט גערריקט מיט ליבע אייער האַנט, דאָס האָט אייך געוויס באַליידיגט. איך פֿאַרשטיי דאָס, נאָר וואָס האָב איך געקאָנט טון? איר דאַרפֿט וויסן, אַז פֿון מיין גאַנצן זוכן, פֿון מיינע אַלע שטרעבונגען, פֿון אַלעם דעם, וואָס האָט

געגעבן, ווי מען זאָגט, אַן אינהאַלט מײַן לעבן, אַז פֿון די גאַנצע צען פֿאַרוואָגלטע יאָרן איז מיר גאָרנישט געבליבן, וואָס איך זאָל דערויף זאָגן: „אָט דאָס וויל איך און דאָס איז מיר ליב“, און נאָר איר, טײַערע, זײַט מיר געבליבן. פֿיל, זעהר פֿיל האָב איך געטראַכט וועגן אײַך. צי האָב איך געקאָנט אויסקלײַבן אַ וואָרט פֿון ווערטער־בוך און אײַך זאָגן? האָב איך געקאָנט ליגן זאָגן פֿאַר דעם אײנציגן באַשעפֿעניש, מיט וועמען איך האָב מיך געפֿילט פֿאַרבונדן? ניין! דאָס האָב איך ניט געקאָנט טון. איר זײַט מיר צו טײַער, און פֿילן זיך זינדיג קעגן אײַך האָב איך ניט געוואָלט.

„צי איך ליב אײַך? — יאָ, געוויס.

„איך דערמאָן זיך אײן אָוונט אין אײַער צימער, איר האָט פֿיל געלאַכט און זײַט געווען זעהר שײן. אײַערע האָר און אײַער גאַנצער צאַרטער פֿרישער קערפּער האָבן געלאַכט. אײַערע שוואַרצע אויגן האָבן געפֿינקלט און געשפּראָצט מיט נחת און לוסט, און יענץ שטרײַנג דורכדרינגענד פֿײַערל, וואָס האָט מיך צוריק געשטויסן יעדעס מאָל, ווען איך האָב מיך געוואָלט דערנעהענטערן צו אײַך — יענץ פֿײַערל האָט מער ניט געפֿינקלט אין אײַערע אויגן. איר זײַט געווען אינגאַנצן לוסט און געלעכטער. און איך געדיינק, אַז יעדעס מאָל, ווען איר האָט הויך זיך צעלאַכט, האָב איך געפֿילט, ווי אַ וואַסער־פֿאַל וואָלט אָנקלאַפּן אויף מײַנע געהירן. איך בין מיר געווען און האָב מיך געלעגט אויף דער סאָפֿע. איר זײַט צוגעגאַנגען, אָנגענומען מיך פֿאַר דער האַנט און מיך געצויגן. דוכט זיך, איר האָט געזאָגט: „זעהט נאָר, ווי ער האָט זיך צעלעגט“! און דאַמאָלס — דער מאָמענט שטייט לעבעדיג אין מײַן געדעכטעניש — איז ווי אַ מעכטיגער שטראָם דורך מײַן גאַנצן קערפּער. איך האָב געוואָלט אײַך אַרומנעמען, פֿאַלן אויף אײַער האַלז און וויינען. איך האָב אָבער דאָס ניט געקאָנט טון אין אָנוועזנהייט פֿון אַנדערע. און אַז איר האָט אײַך אָפּגערוקט פֿון מיר, האָט מײַן גאַנצער קערפּער געציטערט, ווי אין אַ פֿיבער; אַ גרויסע מידקייט האָט מיך באַ־וועלטיגט, דער קאָפּ איז געווען לער, און נאָר דעם שטראָם האָב איך דאָרט געפֿילט, ווי ער וואָלט אויף אײביג פֿאַרגליווערט געוואָרן

אין מיר... און יענע נאַכט, אַז איך בין אַהיים געקומען אין מיין צימער, האָב איך געפילט, אַז איך בין ניט מער עלנט און איינזאַם— און דאָס האָט מיך געפרייט. נאָר דאָס געפיל איז דורך, האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אין מיין גערעכטעניש, און פיל־פיל מאָל האָב איך אייך געוואָלט עפּעס זאָגן און האָב ניט געקאָנט.

„איר געדיינקט געוויס דעם פאָריגן שבועות, ווען מיר זיינען געגאַנגען שפּאַצירן אונטער דער שטאָט. מיר האָבן די קאָמפּאַניע געלאָזט אונטער זיך און געגאַנגען אין צווייען פאָראויס. אין מיטן וועג זייט איר אַרויפגעגאַנגען אויף אַ קליין בערגל און זייט אַזוי געשטאַנען. זעהר שיין זייט איר דעמאָלט געווען. יונג, פריש, פול לעבן זייט איר געשטאַנען, ווי אַ בוים אין בליהען. איך דערמאָן זיך אייער פּנים, אייערע האָר און די לעצטע שטראַלן פון דער זון, וועלכע האָבן געשפּילט אויף אייך, אייערע אויגן, וואָס האָבן געבליקט מיט אַזוי פיל ווייכקייט אוןביינקשאַפט העט וייט, דאָרט אַהין, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ קליין הייזל און האָט אינגאַנצן געפינקלט, באַגאָסן מיט ליכט. איך דערמאָן מיך אָן דעם בליק, וואָס איר האָט געוואָרפן אויף מיר, און ווי איר זייט פּלוצלינג אַראָפּגעשפּרונגען פון בערגל מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס... דעמאָלט האָב איך געוואָלט צולויפן און אייך אַריינגעמען צווישן מיינע אָרעמס. נאָר איך האָב פאַרשפּעטיגט. די קאָמפּאַניע איז אָנגעקומען.

„שטענדיג האָט מיר עפּעס געשטערט, שטענדיג איז דאָס געפיל אָפּגעשטאָרבן אין האַרצן, איידער נאָך ס׳איז אַרויס אויף דער ליכטיגער וועלט.

„אַז איר זייט געפאָרן פון דאַנען, און איך האָב אייך באַלייט, האָב איך די גאַנצע צייט געטראַכט אייך עפּעס צו זאָגן — און האָב געשוויגן. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. עטליכע מינוט, איידער דער צוג האָט גערירט, האָב איך שוין געפילט, אַז אַלץ בלייבט באַם אַלטן. און מיט שרעק האָב איך געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דו וועסט פאַרשווינדן און פאַר מיינע אויגן וועט בלייבן דער לערער רוים. איך האָב געמיינט, אַז עפּעס וועט געשען: איך וועל וויינען, לאַכן, שרייען... און איך בין צוריקגעקומען אַהיים מיט אַ וויסט האַרץ.

„איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז. מיר הויבט אָן צו שווינדלען אין קאָפּ. איך הער מענשן ריידן וועגן ליבע, האַס, קנאה און פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן. טיילמאָל דוכט זיך מיר, אַז זיי פּלוידערן נאָר, אַז זיי זיינען ניט וואָרהאַפטיג, אַז אין אמתן איז אויף דער וועלט נישטאָ נישט קיין ליבע, נישט קיין האַס, נישט קיין קנאה און דעסטגלייכן. עס זיינען פאַראַן נאָר טויזנטער פאַרשיידענע פאַרבייגייענדיגע געפילן, נישט ענליכע איינס צום צווייטן; דער מענש אַליין ענדערט זיך פון מינוט צו מינוט...

און ווען איך טראַכט אַזוי, ווערט מיר לייכטער אויפן האַרצן. דעמאָלט געפין איך אין זיך דאָס העכער זיין איבער אַנדערע, דאָס געפיל פון שטאָלץ, וואָס קלעפּט אָן מיר פון מיינע יאָרן. דעמאָלט זאָג איך מיר: איך קאָן ניט לעבן, ווייל איך בין קלוג, ווייל איך האָב אָפענע אויגן. זעלטן אָבער פּאַסירט דאָס מיט מיר. געוויינליך טראַכט איך: טאָמער? ווער ווייס? פילייכט איז יאָ מיין האַרץ אַזוי פאַרדאָרבן, פילייכט נאָר מ י י ן לעבן איז אַזוי צעבראָכן, פילייכט זיינען שולדיג דאָ נאָר די צען פאַרוואָגלטע יאָרן אָהן פריינט און פאַמיליע, אָהן הויז און אָהן אַ ווייבליך וועזן?

„איך שרייב אייך דאָס אַלץ, אום איר זאָלט ווּיסן מיין זעלן־צושטאַנד, אום איר זאָלט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב געשוויגן און ניט אַרויסגערעדט די עטליכע ווערטער, וואָס האָבן אייך געקאָנט פאַרבינדן מיט מיר. איך האָב געשוויגן, ווייל איך האָב ניט געוואוסט, ווייל איך האָב ניט געוואָלט ריידן קיין ליגן.

„וואָלט איך שוין געהאַט אַמאָל אין מיין לעבן ליב געהאַט, וואָלט איך פאַרגלייכט מיינע איצטיגע געפילן מיט די יעניגע, און וואָלט געוואוסט. נאָר איך האָב קיינמאָל ניט געליבט, ניט אַמאָל אַרומגענומען, ניט אַמאָל געקושט אַ פרוי“...

בענדער האָט פלוצלינג אויפגעהערט צו שרייבן, און משונהדיג פאַרקרימט זיין פּנים: געעפנט דאָס מויל, און פון זיין געזיכט איז געוואָרן איין קנויל פון קנייטשן. אין זיין קאָפּ איז געוואָרן אַ מישמאַש, וואָס פלעגט יעדעס מאָל פּאַסירן מיט אים, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַ מיאוסע געשיכטע פאַר דריי יאָר מיט אַן אַנדער מיידל אין אַן אַנדער שטאָט, וואָס ער איז זיך מיט איר באַגאַנגען אַזוי ווי מיט ר ח ל ע ן; און איינמאָל, ווען זיי זיינען

געבליבן אַליין, האָט ער זי פּלוצלינג אַרומגענומען, און זי האָט אים אָפּגעשטויסן און געשריען: „אומפאַרשעמטער!"... עטליכע סעקונדעס זיינען פאַרביי ביז בענדערן איז קלאָר געוואָרן אין קאָפּ און ער האָט אויפגעצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר דריי מאָל: „אומפאַרשעמטער, אומפאַרשעמטער, אומפאַרשעמטער". ווידער איז ער זיך עטליכע מאָל איבערגעגאַנגען איבערן צימער און האָט ווייטער געשריבן:

„איין זאַך נאָר ווייס איך זיכער: אַז פון קינדוויז אָן, באַ דער גרעסטער אויפרעגונג, ווען איך האָב גערעדט מיט דער שטאַרקער באַגייסטערונג פאַר צוהערער, ווען איך האָב געלאַכט און געטרייסלט זיך פאַר געלעכטער — שטענדיג איז איין געדאַנק געלעגן באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון מיין מח: „ווען דו וואָלסט געוואָלט, בענדער, וואָלסט דו געקאָנט זיין רוהיג". די שטימע האָב איך שטענדיג געהערט אַרויסריידן פון מיין אינערליכן ווען.

„אַזוי, מיין ליבע, איך באַלעסטיג אייך אומזיסט מיטן לעזן מיין בריוו, און איר פאַרצייט מיר. איך מוז דאָך זיין, וואָס איך בין, כאָטש פאַר איין לעבעדיג באַשעפעניש: פאַר אייך, טייערע. באַנגער איך אייך? — אָ! ווי לייכט מיר איז צו ענטפערן אויף אַזאַ פראַגע: יאָ, יאָ און יאָ! נאָך מער, טייערע, איך פיל, אַז אויסער אייך האָב איך גאָרניט, אַז לעבן אָהן אייך איז מיר כמעט אוממעגליך. איך האָב קיין פריינט, קיין נאָהענטן ניט, קיין חבר, קיין פאַרטרויט האַרץ. די באַקאַנטע דערווייטערן זיך פון מיר, ניטאָ מער, וואָס ס'זאָל מיך פאַרבינדן מיט זיי. איך בין איינזאַם, פול ווידערווילן און עקל...

„ס'וועט אייך גוט זיין באַ מיר, טייערע. איך וועל אייך ליב האָבן, אַ, ווי איך וועל אייך ליב האָבן! איך שטעל מיר פאָר: מיר וועלן זיצן צוזאַמען באַם מיטאָג, איך וועל אויפשטיין צופרידן און גינסטיג און וועל קושן אייער שטערן, אייער שיינעם שטערן, טייערע. איר ווייסט ניט, ווי טיף איך קאָן ליב האָבן. קיין שלעכט האַרץ האָב איך דאָך נאָך אַלעם ניט געהאַט"...

די טיר איז געעפנט געוואָרן, און די דינסט איז אַריינגעקומען צו נעמען די גלאָז. בענדער האָט אַוועקגעלעגט די

פערער. די רינסט האָט אים אָנגערירט מיט איר אַקסל, צונעמענדיג די גלאָז, און ער האָט אויף איר גענלאָצט שטום, זינלויז.

— וואָס קוקט דער פאַן אַזוי? — האָט זי געפרעגט.

— אַזוי — אַ קורצער שמייכל האָט פאַרקרימט זיינע ליפּן, און ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

די רינסט איז אַרויס פון צימער.

בענדער איז געבליבן אַליין און געקוקט אויפן בריוו, אויף די ביינעלאַך פון ביידע־זייטן־באַשריבענעם פּאַפּיר, און האָט געגעניצט. ער האָט שוין געפילט, אַז דעם בריוו וועט ער ניט אַוועקשיקן; אַז זיין איצטיגע אויפרעגונג איז ניט מער, ווי אַלע זיינע אויפרעגונגען: א נאַרישע קינדערשע געוויינהייט, די נייגונג זיינע צו פילאָזאָפירן און גריבלען, וואָס האָט פאַרגיפטעט זיין לעבן, זינט ער געדיינקט זיך. „וואָס איך האָב דאָ געשריבן רחלען" — האָט ער געטראַכט — „האָב איך געקאָנט שרייבן יעדער ניט־העסליכער פרויענצימער, אַפילו דער רינסט האָב איך דאָס געקאָנט זאָגן". די ביינעלאַך פּאַפּיר זיינען גע־לעגן צעוואָרפן אויפן טיש, און ער האָט מורא געהאַט דורכ־צולעזן זיי פון אָנהויב ביז צום סוף. ווידער האָט ער געפילט, ווי די שווערע מאַטערדיגע געדאַנקען באַפאַלן אים, און אום לויז צו ווערן פון זיי, האָט ער זיך געזעצט אויפן בעט, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און גענומען אונטערברומען אַ רוסיש לידל. און ברומענדיג, האָט זיין האַרץ זיך געטראָגן מיט בייקשאַפט צו יענעם ווייבליכן וועזן, וואָס שיפט זיך צוזאַמען מיט איר גע־ליבטן אָוונט־צייט איבערן טייך, וועגן וועלכער דאָס ליד האָט דערציילט. די געפילן פון פולן לעבן, פון לוסט און באַגערן, פון געזונטקייט און קראַפט, וואָס דאָס ליד איז געווען פול מיט זיי, האָבן אים פאַרשכורט. אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער געזעהן דאָס שפּיל, דעם אויפגעבלאָזענעם זעגל, די גלאַטקייט פון וואַסער, דעם אָוונט־ווינט; ער האָט געפילט דעם שטאַרקן געזונטן קערפּער, אַ רויט שפּראָצנדיג פּנים... נאָר פּלוצלינג, נישט צו וויסן פון וואַנען, איז געקומען עפּעס אַ געדאַנק אים אין קאָפּ אַריין און האָט אים אויסגעניכטערט.

„איך ווייס ניט, וואָס אַרום מיר טוט זיך! אַ נאַר בין איך!“ — האָט ער זיך גערודלט, שפּאַנענדיג בייז איבערן צימער — „וואָס וויל איך דען? וואָס איז מיין פאַרלאַנג? וואָס פילאָזאָפיר איך? לעבן וויל איך, איך בין מיד! זי וויל מיט מיר חתונה האָבן. און וואָס איז דאָס קרימען זיך? וואָס?! צי האָב איך ניט דאָס רעכט צו נעמען אַ ווייב? פאַר וועמען שרעק איך מיך? פאַר וועמען? פאַר וואָס?“

„לינן, לינן, לינן“! — האָט ער אַרויסגערעדט בייז, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אָן די ווערטער פון בריוו: „איך קאָן ניט לעבן“. — „לינן! איך קאָן יאָ, איך קאָן“!

דער געדאַנק, אַז ער איז אין אמתן ניט פייהיג צו לעבן, ווי אַנדערע, אַז זיין געלעכטער איז אַן אַרט זיפץ, ווי רחל האָט אים אַמאָל געזאָגט, — דער געדאַנק האָט איצט גערריקט זיין האַרץ. ער האָט געביסן זיין אונטערשטע ליפּ פאַר צאָרן, און מיט אַ ווילדן האַס איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען שרייבן גאָר אַן אַנדער בריוו צו רחלען:

„מיין לעבן, מיין זעלע!

„איך לייען און לייען דיין בריוו און גלויב אַליין ניט אָן מיין גליק. אָט איז דיין בריוו פאַר מיינע אויגן, דער בריוו געשריבן מיט דיין אייגענער האַנט. מיט דיין קליינער שיינער ווייסער האַנט. אָ! ווי וואָלט איך וועלן, דו זאָלסט זעהן, וואָס אין מיין האַרצן קומט איצט פאָר! דו, דו אַליין רעדסט דאָך צו מיר. איך לייען יעדעס וואָרט, יעדן אות — און כ'וואונדער זיך און פרעג: צי בין איך טאַקע גליקליך? צי געהערסט דו מיר, רחל? און איך ליב דיך, ווי איך ליב דיך! ווייל דאָך נאָר פאַר פיל ליבע, ווייל מיין האַרץ איז געווען פול איבער די ברעגעס, האָב איך ניט געקאָנט ריידן. איך האָב ניט געקאָנט, איך האָב ניט געוואָלט וואָכעדיג מאַכן מיט ווערטער די הייליגקייט פון מיין ליבע. מיר זיינען דאָך גליקליך! אָט די מינוט האָב איך דערהאַלטן דיין בריוו און קאָן ניט צוריקהאַלטן מיינע געפילן. איך קוש דיך און ליב דיך אויף אייביג, אומענדליך, מיין לעבן און מיין זעלע! דיינער, דיינער, דיינער בין איך! שטעל דיר פאָר: נאָך צען יאָר פאַרוואָגלט זיין, אָהן פונק ליבע, אָהן פונק לעבן, בין איך פלוצלינג געוואָרן

גליקליך, דער גליקליכסטער אויף דער וועלט, ווייל דו געהערסט מיר, מיין ליבע, טייערע. איך קוש דיך און פרעס דיך צו מיין האַרצן. מאָרגן וועל איך דיר שרייבן אַן אויספירליכן בריוו און וועל אַלץ גענוי אַרומשרייבן. מיין גליק האָט מיך שכור געמאַכט. איך וויין, פאַרגיס טרערן פון גליק. דיין״...

„איך קאָן יאָ!״ איז דורך אַ געדאַנק באַ בענדערן אין קאָפּ, אַז ער האָט געענדיגט לייענען דעם בריוו — און מיט אַ געפיל פון אַ זיגער האָט ער זיך אָנגעלענט אויפן שטול און געקוקט גראַד פאַר זיך. אין עק טיש דאָרט, אין אַ זייט, איז געלעגן דער ערשטער בריוו, און שטום, אָהן ווערטער, אַזוי ווי דער פאַריאָגטער, באַליידיגטער אמת, האָט ער געוואונקען פון דאָרט און געפאָדערט, וואָס אים געהערט: דעם זאַפט פון לעבן, בלוט און דעם מאַרך פון די ביינער.

— נו? — האָט ער זיך געפרעגט.

צי זאָל ער אַוועקשיקן דעם צווייטן בריוו? ער האָט אים נאָך אַמאָל דורכגעלעזן און זיך פאַרגעשטעלט, ווי רחל וועט דעם בריוו לייענען, ווי זי וועט זיך וואונדערן צו הערן אַזעלכע רייד פון אים, ווי שווער איר וועט אויסקומען צוצופּאַסן דעם טאָן פון דעם בריוו צו זיינע באַוועגונגען, צו די צוגן פון זיין געזיכט, צו זיינע געוויינליכע רייד...

אַ ווײלע נאָך איז ער געזעסן שטום, מיד און מאַט. דער קאָפּ איז געווען לער אָהן איין איינציגן געדאַנק.

— וואָס טוט מען? — האָט ער זיך ווידער געפרעגט.

און ער האָט געפונען אַ נייע קאָמבינאַציע. ער האָט צוגערוקט דאָס פלעשל מיט קליי, האָט צוזאַמענגעקלעפּט ביידע בריוו און האָט אויפגעשריבן מיט אַ רויטער בליישטיפט איבער ביידע בריוו: „קלויב אויס!״.

„אַ גוטער אויסוועג״ — האָט ער געטראַכט, און מורא האָבנדיג, ער זאָל ווידער ניט חרטה האָבן, האָט ער גיך אַריינגעלעגט ביידע בריוו אין אַ קאָנווערט און איז אַרויסגעגאַנגען. אין דרויסן האָט געשיינט, אין דער גאַנצער לופט האָבן זיך געקייקלט גרויסע, ווייסע שטיקער שניי. מען האָט שוין גענומען

פאַרמאַכן די געוועלבער. בענדער איז געלאָפן גיך צו דער עק גאַס, צום פּאָסט־קאַסטן. ער האָט שוין געהאַט אויפגעהויבן דאָס דעקל, גרייט אַריינצוּוואַרפן דעם בריוו. און פּלוצלינג האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן. אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער שוין געהערט דעם קלאַפּ פון דעקל, ווען ס׳פאַלט צוריק, און האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק, אַז ער קאָן אָפּטון אַ זאַך, וועלכע מען קאָן מער ניט פאַרריכטן.

„דאָס איז נאָך מער לעכערליך!" — האָט ער גערעדט צו זיך און אים האָט געוואונדערט, ווי אַזוי האָט ער גאָר ניט געטראַכט דערפון, אַז שיקן די צוויי בריוו צוזאַמען, דאָס איז נאָך ערגער, נאָך שענדליכער, נאָך מער לעכערליך און עקלדיג. עפּעס אַ מיידל איז פאַרביינגעגאַנגען און האָט אים באַרירט מיט איר קערפּער, און ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט געשריבן וועגן דעם שטאַרקן שטראָם, וואָס איז דורך זיין קערפּער, ווען רחל האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט... דער בריוו, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, איז שוין דורכגעווייקט געוואָרן פון צעגאַנגענעם שניי. אים איז געוואָרן קאַלט, די פיס האָבן אָנגעהויבן צו פרירן — איילנדיג האָט ער פאַרגעסן אָנצו־טון די קאַלאָשן — ער האָט אַרויסגעלאָזט דאָס דעקל פון דער האַנט, צעריסן די בריוו, און די שטיקלאַך האָט דער ווינט צע־טראָגן אויף אַלע זייטן.

„איך דאַרף ניט, איך דאַרף גאָר ניט, איך דאַרף גאָר ניט!" — האָט ער געברומט, גייענדיג צוריק אַהיים מיט גיכע טריט איינגעבויגן.

נאָך אַ לאַנגע צייט האָט בענדער געשפּאַנט איבער זיין צימער. געדאַנקען, ווי בליי שווער, האָבן זיך געשלעפּט אין זיין קאָפּ. ער האָט שוין ניט געטראַכט מער וועגן רחלען און האָט געמאַכט אַ רעכענונג פון זיין לעבן. און אַלע זאַכן, וואָס זיינען פאַרביי אין זיין קאָפּ, אַלע זיינע טאַטן און געדאַנקען, די גאַנצע צען פאַרוואָגלטע יאָר האָבן אויסגעזעהן, ווי איין לאַנגע קייט פון גריבלערייען, פון פילאָזאָפירן און קרומערייען, ווי עפּעס אַן אומנאַטירליכע זאַך, וואָס דערוועקט נאָר עקל און אויסלאַכן.

ער האָט געוואָלט פאַרטרייבן די געדאַנקען פון זיין קאָפּ, נאָר זיי האָבן זיך ווי צוגעקלאַמערט צו זיין מוח, זיינען אַוועקגעלאָפן און צוריקגעקומען און זיך אָנגעזעצט ווי אַ מעננגע פליגן, וואָס לאָזן זיך ניט פאַריאָגן. דאָס צימער איז געווען פול מיט רויך פון פּאַפּיראָסן. פון דרויסן האָבן אַריינגעקוקט די ווייסע דעכער. דער זייגער האָט געקלונגען צוויי: „מאָרגן פריה דאַרף מען גיין אין קאַנטאָר".

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן צימער, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט גלייך צו די פיס און האָט אַרויסגערעדט קלאָר און דייטליך, וואָרט בּאַ וואָרט, ווי אַ שילער, וואָס זאָגט פאָר זיין לעצקיע:

— און — אויב — איך — וויל, קאָן — איך — זיין — רוהיג,
— אינגאַנצן רוהיג...

דער שאָטן זיינער, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד, האָט אים אַלץ נאָכגעטאָן, נאָר ער האָט געשוויגן.

---

## I.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, און ביידע שכנים, וואָס זיינען געלעגן אין אייזערנעם בעט, זיינען נאָך נישט געשלאָפן. אין איינגען צימער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן פירטן שטאָק, איז געווען פינסטער און רושנע. דאָס פענסטער איז געווען אָפן, און אויפן שטיק הימל, וואָס מען האָט געזעהן פון צימער, איז נישט געווען די לבנה. איר שיין נאָר, אָנשלאָגנדיג זיך אין די רעכער, איז צוריקגעפאַלן אין צימער שיטער און שוואַך; אין דער לופט האָט זיך אַלץ נאָך געפילט דער הייסער טאָג און אַ ריח פון דורכגעברענטע רעכער. אין אַ דערבייאיגן צימער, בּאַ דער בעל־הביתטע, האָט ערשט נישט לאַנג אויפגעהערט צו וויינען דאָס קינד, און איצט האָט זיך געלאָזט הערן אַ געקלאַפּ פון די דראָזשקעס. דאָס געקלאַפּ האָט אַ רגע נישט אויפגעהערט: עס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ ווייטער גאַס, זיך דערנעהענטערט, שטאַרקער און געדיכטער געוואָרן און קוים האָט עס זיך אָנגעהויבן צו פאַרלירן, האָט זיך אַ ניי געקלאַפּ דערהערט, זיך דערנעהענטערט, דורכגעפאָרן, און דאָס גאַנצע גרויסע הויז האָט מיטגעציטערט.

אין בעטל איז געווען איינג; דאָס בעטגעוואַנט שוין לאַנג נישט איבערגעצויגן, און ביידע, פ י י נ ע ר און ג ו ט מ אַ ן, האָבן זיך באַמיהט איינער דעם אַנדערן באַקוועמער צו מאַכן. זיי האָבן זיך עטליכע מאָל געקערט פון א י י ן זייט אויף דער אַנדערער, איבערגעלעגט די קישן, נאָר מיט די הענט איז שווער געווען דורכצוקומען, ווייל, האַלטנדיג זיי אויפן קישן, האָבן זיי זיך געטראָפן און האָבן זיך אָפּגערוקט, ווי אָפּגעבריהט. ביידע האָבן געשוויצט. און פילנדיג דעם חברס גוף, האָבן זיי זיך דערמאָנט

אָן דעם אייגענעם פליישיגן און שוויציגן גוף, וואָס ווערט געבוירן אומריין, וואַקסט און צעפאַלט...

געלעגן זיינען זיי שטיל און האָבן געטראַכט. פיינערס גע־ראַנקען, ענליכע צו זיינע באַוועגונגען אין לעבן, זיינען געגאַנגען שנעל און האָבן זיך איילנדיג פאַרקניפּט. גוטמאַנס געדאַנקען האָבן זיך געשלעפּט פּאַמעליך און שווער, ווי אַ וואָגן אין זאַמד.

פיינער האָט זיך אַנידערגעזעצט, פאַררוקט די קישן און געזאָגט:

— רושנע.

גוטמאַן האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף זיין חברס האַלבן גוף און אים האָט זיך געוואָלט, אַז פיינער זאָל זיך שוין גיכער צוריקלייגן. פיינער האָט ווידער געפילט, ווי אין זיין האַרצן וואַקסט די שנאה צו דעם שווייגנדיגן, רוהיגן מענשן, וואָס איז אַ סך עלנטער און פאַרלאָזטער פאַר אים, טראַכט און רעדט ווייניג... ער האָט זיך צוריקגעלעגט און איבערגעווישט מיט ביידע הענט דאָס פּנים.

אין צימער איז טונקעלער געוואָרן. דאָס איז אוראי די לבנה אַרונטער אונטער אַ וואָלקן. פיינער האָט זיך נאָך עטליכע מאָל איבערגעקערט אויפן געלעגער און האָט געטראַכט וועגן גוטמאַנען: די גאַנצע פיר וואָכן, וואָס ער וואוינט מיט אים צוזאַמען, האָט ער נישט באַמערקט, אַז דער מענש זאָל פון עפּעס נתפּעל ווערן, אַז ער זאָל עפּעס וועלן... ער מישט זיך קיינמאָל נישט אַריין אין שמועס, ווען מען קומט זיך צוזאַמען און מען שפּאַרט זיך היציג. און קוקנדיג אויף זיין פּנים דעמאָלס, דוכט זיך, אַז דער מענש באַהאַלט עפּעס פון אַלע, אַז ער האָט עפּעס צו זאָגן און וויל נישט...

אין דרויסן האָט אַ זייגער אָנגעהויבן צו שלאָגן. ביידע האָבן געהאָרכט און געציילט. עס האָט געשלאָגן צוויי. און ביידע האָבן געטראַכט דערפון, אַז באַלד וועט אין פענסטער אַלץ אָנ־הויבן בלייכער צו ווערן, די פויגלען וועלן אָנהויבן צו שרייען, און דערנאָך וועלן זיי אַנטשלאָפן ווערן.

און אַז אין דרויסן איז ווידער העל געוואָרן, איז שוין שווער געווען צו דערקענען, צי דאָס איז דער ווידערשיין פון דער לבנה, וואָס שלאָגט זיך אָפּ אָן די דעכער, אָדער עס הויבט שוין אָן צו טאָגן.

פיינער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו גוטמאַנען, און אין דער טונקלקייט האָט ער דערפילט גוטמאַנס רוהיגן, מעלאַנ־כאָלישן בליק אויף זיך. און ווי יעדעס מאָל, דערפילנדיג דעם בליק, האָט זיך די פיינטשאַפט באַהאַלטן עפּעס אין אַ ווינקל אין האַרצן, און ער האָט געשפּירט, אַז גוטמאַן איז זיין חבר, אַן עלנטער, ווי ער אַליין, און נאָך מער.

— זאָגט, גוטמאַן, איר טראַכט עפּעס?

גוטמאַן האָט נישט באַלד געענטפערט, און פיינער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אויף זיין חברס ליפּן שפּילט איצט דער רינער־רינער שמייכל, וואָס באַליידיגט אים יעדעס מאָל אַזוי טיף. ער האָט זיך שוין געהאַלטן אין מיטן אויסדרייען זיך. גוטמאַן האָט גערעדט שטיל:

— עס האָט געשלאָגן צוויי.

— יאָ, עס האָט געשלאָגן צוויי. איך קאָן נישט שלאָפן; איר אויך נישט?

— ניין.

עטליכע מינוט האָבן זיי ביידע געשוויגן. פיינער האָט זיך אָנגערופן:

— זאָגט, גוטמאַן, ווענן וואָס האָט איר געטראַכט ביז אַהער? ס'איז אומעטיג...

גוטמאַן האָט איבערגעפרעגט פויל:

— איך?

— איר דערמאָנט אייך און דערציילט.

גוטמאַן האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס שווייגט איר?

אין פיינערס קול האָט זיך געהערט זיין אויפרעגונג, ער אַליין האָט עס דערשפּירט און האָט זיך פאַרשעמט.

— איך האָב געטראַכט... נו, גאָרנישט.

— דערמאָנט אייך.

— איך בין געגאַנגען היינט פאַרנאַכט אויף דער רויקע גאַס, איר ווייסט, אין עק שטאָט (גוטמאַנס גלייך, רוהיג קול, די רוסישע ווערטער, וואָס זיינען אַרויס פון זיין מויל, ענליכע איינס צום אַנדערן, ווי אויסגעגאָסענע פון אַ פאָרם, האָבן אין דער

טונקלקייט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי דער טיקטאַק פון אַ זייגער), דאָרט וואוינען אָרימע מענשן. פּאַר אַ טיר פון אַ געוועלבּ איז געשטאַנען אַ יינגל, אָנגעלענט אויף דער וואַנט, און האָט געוויינט. דערנאָך האָט ער געקוקט אויפן הימל און איז שטיל געוואָרן. פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט און האָט אָנגעהויבּן צו וויינען נאָך העכער...

— נו... האָט פיינער געפרעגט, אַז זיין חבר האָט אָפּגעהאַקט.

— גאָרנישט, איך האָבּ נאָר געטראַכט.

גוטמאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט, פיינער איז געלעגן מיטן פּנים צום פענסטער און האָט געקוקט אויף אַ גרין, ציטעריג שטערנדל, וואָס אַ פּוילער וואָלקן האָט ערשט געהאַט אַרויסגעלאָזט פון זיך. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן גוטמאַנען און האָט אָנגעהויבּן זיך פאָרצושטעלן דאָס יינגל און די געגנט, וואָס איז נישט ווייט פון אידישן בית־עלמין. דאָרט איז גוטמאַן אַוודאי געגאַנגען שפּאַצירן. פיינער האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז ווען זיי זיינען אַמאָל צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען פון בית־עלמין, האָבּן זיי גערעדט וועגן דעם איינדרוק, וואָס אַ בית־עלמין מאַכט; גוטמאַן האָט דעמאָלס געזאָגט:

— עס קומט עפּעס מאָדנע אויס, דאָ שטייט אַן אָסטראָג נעבּן בית־עלמין...

און ביי פיינערן האָבּן איצט די ווערטער באַקומען אַ באַ־האַלטענע באַדייטונג, און ער האָט זיך אויסגעדרייט, געקוקט אויף זיין חברס קאַרק לאַנג, ביז די אויגן זיינען מיד געוואָרן און האָבּן זיך פאַרמאַכט.

אין דרויסן האָט זיך אָנגערופן אַ פויגל, און אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך אַריינגעטראָגן אַ געשריי, אין וועלכן מען האָט נישט געקאָנט אונטערשיידן אַן איינציג קול. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז אין דרויסן שרייט אַלץ: די נאַכט, וואָס גייט אַוועק, אָדער דער טאָג, וואָס קומט אָן. געדאַנקען אין קאָפּ זיינען געוואָרן שיטערער, לייכטער... און ער איז איינגעשלאָפן.

גוטמאַן איז נאָך נישט געשלאָפן. ער האָט געקוקט אויף איין פּונקט אויף דער וואַנט, וואָס איז אַלץ קלאָרער און דייטליכער געוואָרן, דאָס איז געווען אַ מיטל אַנטשלאָפן צו ווערן. די

פויגלען האָבן שוין געהאַט אויפגעהערט צו שרייען, אויפן הויף האָט מען געעפנט דעם טויער, דער סטרוזש האָט געקערט, און עס האָט זיך געהערט דאָס רייבן פון בעזעם אויפן האַרטן ברוק. אין דער אַנדערער שטוב האָט דאָס קינד געוויינט, לאַנג געוויינט, ביז די מוטער האָט דערהערט... ער האָט זיך אומגעדרייט, פּיינער איז געלעגן מיט פעסט צונעמאַכטע ליפּן, אויפן שטערן זיינעם האָט זיך אַ קנייטש געצוינגן, דאָס פּנים זיינס איז געווען בלייך, פול מיט קנייטשן, דער אָטעם שווער און טיף. דאָס בּרורינגע העמד אויף די אַקסלען האָט זיך געהויבן, אינגאַנצן האָט ער אויסגעזעהן שוואַך, אומבּאַהאָלפן... אויפן דאַך האָבן זיך שוין אָפּגעשפּיגלט די ערשטע שטראַלן, — באַלד וועט די זון אַהינקומען אין צימער...

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און גענומען קוקן אויף איין פּונקט.

## II.

זיי זיינען ביידע געווען אָרים, פּאַרלאָזט און עלנט, אָפּגעריסן פון דער גרויסער וועלט. זייערע באַקאַנטע זיינען געווען אָרים, פּאַרלאָזט און עלנט, ווי זיי. פּיינער האָט געהאַט אַ באַשעפטיגונג אין אַ דרוקעריי אויף עטליכע רובל אַ מאָנאַט, גוטמאַן האָט געהאַלטן אין זוכן. נאָר עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז דער מענש זאָל אַמאָל עפּעס געפינען. דערווייל איז ער אַרומגעגאַנגען אויף די גרויסע רוישנדיגע גאַסן פּאַמעליך, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק, און די מענשן, וואָס האָבן זיך געאיילט, האָבן אים אויסגעמידן, ווי אַ סלופּ פון טעלעפאָן. טיילמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, דורכגעלעזן אַ שילד מיט כּונה און ווייטער געגאַנגען, ביז ער איז מיד געוואָרן און האָט זיך אַהיים געשלעפּט. אין דערהיים האָט ער זיך געלעגט אויפן בעטל און האָט געטראַכט.

פּאַרנאַכט, ווען דער הימל איז געווען פּאַרוואָלקנט, פלעגט ער זיך זעצן באַם פענסטער און אַרויסקוקן. אַרום האָבן זיך נאָר געזעהן דעכער און קוימענס. די וואָלקנס זיינען געהאַנגען אַזוי נידעריג, אַז ס׳האָט זיך געדוכט, אָט, אָט פאַלן זיי אַראָפּ.

די פינסטערניש איז צוגעפאַלן, אַ הויכער שפּיץ פון אַ קירכע האָט זיך שוין אין דערוויטנס פאַרלוירן אין דער טונקלקייט. אַלץ אַרום האָט באַקומען א י י ן אויסזעהן און אויסדרוק, אַ טרויעריגן און אַ שווערן, וואָס האָט געצויגן באַם האַרצן. ער איז געזעסן רוהיג אָנגעלענט מיט איין האַנט אויפן פענסטער און זיינע קורצזיכטיגע אויגן האָבן זיך טיף איינגעקוקט אין דער טונקלקייט, וואָס האָט צוגעפליסט פון אַלע זייטן, אַ קליין שטערנדל האָט געציטערט און האָט זיך פאַרלוירן. די אויגן זיינע זיינען מיד געוואָרן, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געריבן די הענט איינע אין דער אַנדערער און האָט געצויגן:

— אַזוי, יאָ־יאָ.

מיט וואָס אינטערעסירט זיך דער מענש, מיט וואָס לעבט ער, האָט פיינער נישט געוואוסט, און דאָס נישט וויסן האָט אים געמאַכט אומרוהיג, געטריבן דעם מוח צו טראַכטן און געוועקט דאָס געוויסן.

אַמאָל איז פיינער אַהיים געקומען פאַרנאַכט. אין דרויסן האָט געקאַפּעט אַ רעגן, און ער האָט גערעכנט צו טרעפן זיין חבר זיצן באַם פענסטער. גוטמאַן איז געזעסן באַם טישל, פאַר אים איז געלעגן אַ פאָטאָגראַפיש בילד. דערהערנדיג דאָס עפענען פון דער טיר, האָט ער זיך אומגעקערט, זיי האָבן זיך באַגריסט, און גוטמאַן האָט זיך ווידער גענומען איינקוקן אין דעם בילד מיט עפּעס אַ כונה און באַאָבאַכטונג, וואָס פיינער האָט נאָך ביז אַהער נישט באַמערקט באַ אים. פיינער האָט זיך געדרייט אַרויף און אַראָפּ איבערן צימער און האָט, פאָראיבערגייענדיג, יעדעס מאָל אַ בליק געוואָרפן אויפן בילד. דאָס איז געווען אַ בילד פון אַ פרויענצימער, קענטיג, אַ מיידל. דאָס פּנים איז געווען אַ שיינס, די ליניען גלייך און האַרמאָניש, נאָר אָהן עפּעס אַ באַזונדערן אויסדרוק. די אויגן האָט ער פון וויטן נישט געקאָנט באַטראַכטן גענוי, נאָר, קענטיג, האָבן זיי אויך געקוקט רוהיג און זיכער. דאָס איינציגע, וואָס האָט אויף זיך אויפמערקזאַם געמאַכט, איז געווען די פאַרקעמונג פון די האָר, זיי זיינען געווען פאַרקעמט אין דער הייך אַזוי, אַז דער גאַנצער הויכער, שיינער שטערן זאָל זיך זעהן.

— קוקט, פיינער... האָט זיך גוטמאַן אָנגערופן אין אַ ווײַלע אַרום. און האָט אים דערלאַנגט דאָס בילד זעהר פאָרזיכטיג, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, יענער זאָל עס אים נישט צוכאַפּן.

— יאָ, אַ שיין מיידל...

— אַ מיידל... האָט גוטמאַן איבערגעחזרט, — קוקט, איר זעהט? קוקט גוט.

— איך זעה, אַ שיין מיידל, כאָטש קיין אויסדרוק אויפן פּנים איז נישט פאַראַן.

אויף גוטמאַנס ליפּן האָט געשפּילט דער דינער שמייכל, און ער האָט געקוקט פיינערן גלייך אין די אויגן אַריין מיט איראָניע:

— איר פאַרשטייט נישט, — האָט ער געזאָגט, און אין טאָן זיינעם איז געווען אַ זיכערקייט און שטאָלץ, — איר האָט שוין אַמאָל געטראָפן אַזאַ בליק? פאַרשטייט איר, דאָס איז אַ בליק, נו...

פיינער האָט נישט געוואָלט מער ענטפערן, זעהענדיג, אַז זיין חבר איז אַזוי ערנסט און פאַראינטערעסירט. עפּעס אין האַרצן איז ער צופרידן געווען צו זעהן, וואָס זיין חבר אַנטציקט זיך און איז נאַריש כאָטש אַמאָל. דערצו, אַז ער האָט זיך מער איינגעקוקט אין בילד, האָבן די אויגן באַקומען אַלץ מער אויס־דרוק, זיי זיינען אַלץ לעבעדיגער געוואָרן, און די ליפּן, האָט זיך אים איצט געדוכט, וואָלטן זיך אָט, אָט באַוועגט צו ריידן עפּעס רוהיגס, גוטס און פרישס.

— דאָס איז אייערס אַ משפּחה? — האָט ער געפרעגט נייגער־ריג, — איך האָב עס ביז אַהער באַ אייך נישט געזעהן.

גוטמאַן האָט אים ווידער אויסגעמאָסטן מיט אַ בליק, אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן דער דינער שמייכל, און ער האָט נאָרנישט געענטפערט.

ער איז געזעסן און אַלץ איינגעקוקט זיך. און אַז ס׳האָט אין צימער אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער און געדרייט דאָס בילד פאַר די אויגן.

און אַריינליינגדיג דאָס בילד אין בוזעם־קעשענע און עס פאָרזיכטיג פאַרפאַקנדיג, האָט ער געזאָגט:

— דאָ איז דאָ, פאַרשטייט איר, אַזעלכעס... יאָ, איר פאַר־שטייט נישט.

מען האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און עס צוגעטריפט צו איינעם פון די שטיקער חלב, וואָס האָבן זיך געפונען אַ סך אויפן טיש.

פיינער האָט זיך געלעגט אויפן בעטל און געקוקט אויף זיין חבר, וואָס האָט זיך איצט געדרייט איבערן צימער מיט פאַמעליכע שווערע טריט און האָט געטראַכט. אינגאַנצן איז ער עפּעס היינט מאָדנע אויסגעקומען. עפּעס האָט זיך פיינערן געדוכט, אַז ער האָט זיין פּנים ביז אַהער נאָך נישט אַזוי געזעהן, אַזוי ווייך, אַזוי עלנט און אַזוי ליבליך. „ער איז פאַרליבט״, האָט ער געטראַכט, און עפּעס אַ ניי געפיל האָט זיך אין זיין האַרצן דער־וועקט צו גוטמאַנען, אַ שטילס, אַ ווייכס און זעהר אַ גוטס, וואָס ער פלעגט אָפט פילן, אַ פאַרליבט פאָר־פאָלק אָדער ליבע קינדער זעהענדיג.

— זעצט אייך, גוטמאַן — האָט ער צוגערופן זיין חבר, אָנ־ווייזנדיג מיט דער האַנט.

— צו וואָס?

— זעצט אייך, מיר וועלן ריידן.

גוטמאַן האָט זיך געזעצט.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט און האָט זיך געוואָלט באַלד אויפהויבן פון אָרט.

— זיצט, ווייזט דאָס — האָט אים פיינער אָפּגעהאַלטן.

— מען ברויך נישט — האָט גוטמאַן געענטפערט מיט שטאָלץ — איר זעהט דאָ גאָרנישט.

— נו, איך האָב מיך טועה געווען, איך האָב נישט גוט געקוקט.

גוטמאַן האָט אים דערלאַנגט דאָס בילד, און פיינער, ווילנדיג ווייזן זיין חבר, אַז ער אינטערעסירט זיך זעהר, האָט זיך אַנידערגעזעצט, צוגעבויגן זיך צום ליכט און לאַנג געקוקט.

— יאָ־אָ! — האָט ער זיך באַמיהט נאָכצומאַכן זיין חברס טאָן, — יאָ־אָ.

— זעהט איר! — האָט גוטמאַן געענטפערט און האָט זיך דערפרייט, ער האָט נאָך אַמאָל לאַנג באַטראַכט די קאַרטע, אַרײַנגעלעגט זי און איז געזעסן שטיל.

פײַנער איז אַראָפּגעלאָפן מיט אַ טשײַניק און האָט געבראַכט טיי און זעמל. עפּעס איז דאָס צימער, ווי ברייטער געוואָרן, ביידע האָבן זיך געפילט הייטערער און ליבליכער און האָבן גערערט וועגן דעם, אַז מאָרגן וועלן זיי גיין אין טעאַטער אַרײַן, אַז מאָרגן וועט פײַנער באַקומען דריי רובל.

נאָכן עסן האָט זיך פײַנער אויפגעשטעלט און געזאָגט צו גוטמאַנען מיט אַ געלעכטער:

— איר זייט אַזאַ שווערער...

— איך?

— איר — האָט פײַנער געשמייכלט — לאָזט, וועל איך אײַך פּרובן אויפהויבן.

— ע...

— נו, שטעלט אײַך אויף! — האָט פײַנער קאָמאַנדירט.

גוטמאַן האָט זיך פויל אַנידערגעשטעלט, עפּעס מאָדנע נאַריש לאַכנדיג.

פײַנער האָט אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט, אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט מיט אימפּעט, מיד װערנדיג. אויפן טיש איז דאָס ליכט אומגעפאַלן, די גלעזער האָבן געקלונגען, און אין צימער איז פינסטער געוואָרן. גוטמאַן האָט שוין געוואָלט צוגיין אָנצינדן דאָס ליכט, נאָר פײַנער, פילנדיג עפּעס, ווי אַ שכרות אין קאָפּ, האָט אים אײַנגעהאַלטן.

— מען ברויך נישט! — האָט ער געזאָגט — לאָז זײַן אַזוי. נו, הויבט איר מיך איצט אויף.

— נו... צו וואָס? — האָט זיך גוטמאַן געבעטן.

— מיר וועלן זײַן אויף „דו". נו, הויב דו מיך אויף?

גוטמאַן האָט אַרומגעוויקלט זײַנע הענט אַרום פײַנערן, ער האָט אים הויך אויפגעהויבן און רוהיג, פּאַמעליך אַראָפּגעלאָזט.

אין דרויסן איז די לבנה פּונקט אַרויס פון אונטערן דאַך. אין צימער האָט זיך געלעגט איר שײַן, און ביידע האָבן זיך פאַרשעמט.

## III.

דער זומער איז געווען אַ הייסער. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך קיין וואָלקן נישט געוויזן. די פּאַסן הימל איבער די גאַסן האָבן אויסגעזעהן שטויביג, אָהן שום פאַרב און אויסדרוק. די גאַס האָט אַלץ גערוישט. מענשן, דערשוויצטע, פאַרהאָרעוועטע האָבן געאיילט און געלאָפן, און קוקנדיג אויף זייערע פּנימער, וואָס האָבן אויסגעדריקט נאָר לײדן, מידקייט און פאַרביסנקייט, וואָס האָבן זיך ווי געבעטן רוהע, — איז עפּעס אויסגעקומען מאָדנע, אַז אָט די פאַרהאָרעוועטע מענשן מאַכן אָן דאָס גערויש און געקלאַפּעריי. קיין פריש פּנים, קיין פרייע, לעבעדיגע באַ־וועגונג איז אויף דער גאַס נישט געווען צו זעהן. און פיינער, אַרומשלעפּנדיג זיך פאַרנאַכט אויף די גאַסן דערשוויצט און פאַרמאַטערט, האָט זיך געפילט אַליין געטריבן און געיאָגט, ווי די גאַנצע גרויסע מאַסע. באַטראַכטנדיג זיין לעבן ביז אַהער, דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן און גערעדט, האָט ער זיך געפילט פאַר אַ דריידל, וואָס איז געלאָזט געוואָרן, און דרייט זיך נאָר אָהן ווילן דערצו. אין דער צוקונפט זיינער האָט ער מורא געהאַט צו קוקן, עס איז דערביי אויף אים אָנגעפאַלן אַן אומעט, און ער האָט די געדאַנקען דערשטיקט. נאָר אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, און ער איז מיד געוואָרן און האָט זיך אַהיים געשלעפּט אין צימער, איז אים שווער געווען די געדאַנקען צו דערשטיקן. ער פלעגט שטיין עטליכע מינוט אונטער דער טיר, האַלטנדיג די קליאַמקע אין דער האַנט, און האָט געוואַרט. און אין בעט ליגנדיג, האָבן די שווערע געדאַנקען צוגעפליסט אין זיין מח אַריין, ווי געפּרעסט וואַסער, פון אַלע זייטן. „אַ צעבראָכן אייזערן בעט, וואָס האַלט זיך קוים", האָט ער געטראַכט, „פיר ווענט, וואָס שטיקן, — אָט דאָס איז דאָס לעבן מיינס, דאָס איז אַלץ, אַלץ" . . .

מיט גוטמאַנען האָט ער ווייניג נאָר גערעדט. ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען, האָט זיך געפילט, אַז חוץ זיי צוויי געפינט זיך נאָך אַ דריטע פּערזאָן, אַ פרישע, יונגע און גליקליך לעבעדיג באַשעפעניש. און ריידן האָט זיך פיינערן געוואָלט נאָר וועגן איר.

אָנהויבן האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט זיך פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז מקנא זיין חבר, אַז ער איז אַ שלעכטער, פאַרביסענער מענש, וואָס האָט פיינט אַ גליקליכן נאָר דערפאַר, וואָס ער איז גליקליך. גוטמאַן האָט אויך ווייניג גערעדט. ער האָט אַלץ גע־חזרט, אַז ער דאַרף קריגן אַ בריוו און אַוועק פון וואַרשע. דער פּאַס איז אים אויסגעגאַנגען, די קאַמאַשן זיינען געווען צעריסן... און באַ דעם אַלעם איז ער געווען רוהיג, שטענדיג גלייך און צופרידן, ווי נאָר מענשן, וואָס ליבן...

— דו ביסט אַ גליקליכער מענש, — האָט אַמאָל אין דערפריה פיינער געזאָגט צו זיין חבר, — דו ביסט רוהיג, ברויכסט נישט צו גיין אין דער דרוקעריי, האָבן צו טון מיט די קאָרעקטן, האָפּסט און ליבסט...

ער האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, אַרויסרייידנדיג, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זאָגן...

— מיר טוט דער קאָפּ וויי... האָט ער פאַרריכט, און איז בייז געווען אויף זיך, צו וואָס ער זאָגט ליגן.

גוטמאַן איז נאָך געלעגן אין בעט. אין די האָר זיינע זיינען געווען אַ סך פּעדערן; די שיין פון דער זון איז אים געלעגן אויף אַ האַלב פּנים, נאָר ער האָט דאָס נישט באַמערקט. ער האָט געביסן די אונטערשטע ליפּ און האָט עפּעס געטראַכט.

— קיין בריוו איז נישטאָ, — האָט ער געענטפערט נישט צו דער זאַך.

— דו ווילסט טאַקע אַוועק פון וואַרשע? וואַרשע געפעלט דיר נישט?

— ניין, דאָ איז אינטערעסאַנט, נאָר דאָ איז עפּעס אַלץ פרעמד...

— איך פאַרשטיי דיך נישט קלאָר, די מענשן געפעלן דיר נישט?

גוטמאַן האָט אָנגעקוקט זיין חבר מיט אַ איראָנישן בליק, ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געזאָגט:

— איך וועל היינט אַוודאי באַקומען אַ בריוו.

גוטמאַן האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען זיך אָנטון. פײַנער האָט געבראַכט זעמל און טיי. ער איז צוריקגעקומען מיט אַ יונגענמאַן. דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער מיט זעהר אַ בלייך פּנים און מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי צוגעקלעפּט. אַרײַנקומענדיג, האָבן זיי געטראָפן גוטמאַנען זיצן בײַם טיש; ער האָט געהאַלטן די קאַרטע פאַר די אויגן און האָט געקוקט.

דער באַקאַנטער האָט נישט געוואָלט עסן. ער איז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, האַלטנדיג דאָס שטעקעלע אין דער האַנט. ער האָט געטייט דערמיט פאַר זיך און האָט געערדט בײַז, קוקנדיג אויף דער ערד:

— דאָס איז אַ שאַנד! אַרײַנצוטרעטן אין אַ בורזשואַזישן מיניסטעריום! (אין פראַנקרייך זײַנען דעמאָלס אַרײַן אין נײַעם מיניסטעריום צוויי סאָציאַליסטן). דאָס איז אַ שאַנד! אַ שאַנד!

נאָר פלוצלינג איז ער צוגעגאַנגען צו גוטמאַנען, געגעבן אים אַ קלאַפּ אויפן אַקסל און געזאָגט, קוקנדיג אויף דער קאַרטע:

— אַ נו! וויזט אייערע! וואָס? טפוי!

ער האָט אויסגעשפּיגן.

גוטמאַן האָט געקוקט אויף דעם פלעק, וואָס דער שפּײַ האָט געמאַכט אויף דער פּאָרלאָגע, דערנאָך אויף פײַנערן און האָט גאָרנישט געענטפערט.

אַלע האָבן זיך שלעכט געפילט. דער באַקאַנטער האָט זיך באַלד געזעגנט. „פונדעסטוועגן האָב איך צו אייך קיין צייט נישט“, האָט ער געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען. פײַנערן האָט זיך געדוכט, אַז גוטמאַן איז אויף אים בײַז, וואָס ער האָט דער־ציילט אַנדערע וועגן זײַן ליבע... ער האָט זיך געפילט זעהר זינדיג און זעהר נאַריש. אין גוטמאַנס בליק האָט ער געלעזן: „אַ מאוסער מענש ביסט דו! אַ נאַרישער פלוידערער!“ פאַר־ענטפערן האָט ער זיך נישט געקאָנט. ער האָט געלאָזן שטיין אַ האַלבע גלאָז טיי ניט אויסגעטרונקען און איז אַרויסגעגאַנגען. און אַראָפּגייענדיג פון די שטיגן, האָט ער זיך געפילט אַרויסגע־יאָגט פון זײַן אייגן צימער דורך גוטמאַנען, און ער האָט נישט

פאַרשטאַנען, צו וואָס ער האָט צו טון מיט דעם מענשן, וואָס וויל ער אייגנטליך פון אים...

„איך פאַרשטיי נישט, איך פאַרשטיי גאָרנישט!" — האָט ער געחזרט פאַר זיך. און קוקנדיג אויף די גרויסע מויערן, אויף די מענשן אין דער גאַס, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט קיינמאָל גאָרנישט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט און געטאָן, זייט ער געדיינקט, איז נאָר דעריבער, ווייל עפּעס אַנדערש טון און ריידן איז נישט געווען וואָס, אַז בײַ אים אין קאָפּ איז קיינמאָל קיין געדאַנק נישט געווען...

ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס געשווינד, נישט ווימנדיג וואו אַהין. ער האָט זיך עטליכע מאָל אָנגעהאַקט אָן מענשן. און יעדעס מאָל האָט זיך יענער אָפּגעשטעלט און אים אָנגעקוקט עפּעס מיט אַ פראַגע:

„רול ביסט דו?"

און פּלוצלינג ווי עפּעס אַ פרעמדע קראַפט זאָל אים אָפּהאַלטן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט צו זיך:

„לאָז קלערן!"

דער שטאָט־זייגער פון דער הויכער קירכע האָט געשלאָגן. פאַרן בילד האָט געקניט עפּעס אַ פרויענצימער און האָט געבעטן. אויפן ראָג פון אַ נאָהענטער גאַס איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט און האָט געקוקט אויף אים.

ער האָט געוואָלט איין מאָל קלערן ווי געהעריג, וויסן וואו דער געדאַנק הויבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס, נאָר שטייענדיג אויף דער גאַס עטליכע סעקונדעס, האָט ער נישט געוואוסט, פון וואָס ער האָט אייגנטליך צו טראַכטן, און ער האָט גענומען גיין ווייטער מיט פּאַמעליכע טריט.

עס איז געווען קעגן צען. אין דער דרוקעריי האָט זיך אים נישט געגלוסט צו גיין, דאָרט האָבן אויף אים געוואַרט קאָרעקטן, וואָס ער וואָלט איצט נישט געקאָנט לעזן. ער איז דורכגעגאַנגען עטליכע גאַסן און האָט זיך דערמאָנט, אַז פאַר עטליכע טעג האָט ער דאָ באַגעגנט זיינעם אַ באַקאַנטן פון עטליכע יאָר צוריק. דער באַקאַנטער, וואָס האָט זיך אַמאָל אינטע־רעסירט מיט אַלעם, מיט וואָס פיינער האָט זיך אינטערעסירט,

האָט פּאַר צוויי יאָרן חתונה געהאַט; ער האָנדלט היינט מיט פּלעצער און וואוינט אויף אַ זומער־וואוינונג, נישט ווייט פון וואַרשע. יעדעס מאָל, ווען זיי באַגעגענען זיך אויף דער גאַס, שמייכלט דער באַקאַנטער, פרעגט, פאַרוואָס ער קומט נישט אַמאָל אַריין צו אים און שלעפּט פיינערן שטענדיג מיט מיט זיך אַ האַלבע גאַס, טיילמאָל עטליכע גאַסן, און יעדעס מאָל פילט זיך פיינער באַליידיגט מיט יענעמס שמייכל און מיט זיין אייגענער שוואַכקייט, וואָס ער לאָזט זיך פון יענעם שלעפּן... באַם לעצטן באַגעגענען האָט דער באַקאַנטער געבעטן, ער זאָל אַרויפ־קומען צו אים אויף דער זומער־וואוינונג אַמאָל, ווען ער וועט האָבן צייט.

— קומט אין דערפריה — האָט ער געזאָגט, אַז זיי האָבן זיך געזעגנט — און אויף דערנאַכט וועט איר קאָנען זיין צוריק.

„און אין דער אמתן", האָט פיינער געטראַכט, „איך בין שוין לאַנג נישט געווען הינטער דער שטאָט".

ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט גיכע טריט צום באַנהויף. און גייענדיג, איז באַ אים געווען אַזאַ געפיל, ווי עמיצער יאָגט אים, און דער „עמיצער" איז נישט געווען קיין אַנדערער, ווי גוטמאַן...

„וואָס וויל ער פון מיר?" — אים איז געוואָרן אַ רחמנות אויף זיך אַליין, און אים האָט זיך געוואָלט וויינען.

אויף די פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט און ברייט, איז געווען אַ סך גרינס און ליכט. ער האָט אַרויסגעשובן דעם קאָפּ פון וואַגאָן, און די אויגן זיינע האָבן זיך געפרייט, קוקנדיג אָהן שום שטערונג, אין עק האָריזאָנט האָט זיך געזעהן אַ וואַלד, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ שוואַרצער פּאַס, איבער דעם פּאַס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע מחנה גרויסע און קליינע וואָלקנס, וואָס האָבן באַגלייט דעם גייענדיגן צוג שטיל, רוהיג און ערנסט. בשעת דאָס אַלץ, וואָס איז געווען נאָהענט, האָט זיך געאיילט און איז אָפּגעשפּרונגען אין דער אַנדערער זייט אומגערולדיג, האָט דאָרט אין עק האָריזאָנט אַלץ אויסגעזעהן רוהיג, שטיל

און זיכער. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ סך געפּייפט און געשטערט. דער צוג האָט זיך אַלע ווײַלע געשטעלט, און אַז ער איז צוגעקומען צו דער לעצטער סטאַנציע, האָט זיך פּיינערן נישט געגלוסט אַראָפּצוגיין; אים האָט זיך געוואָלט לאַנג נאָך שטיין בײַם פענסטער און אַרויסשטעקן דעם קאָפּ.

אַרויסגייענדיג פון וואַגאָן, איז ער ווידער געוואָרן אומרוהיג; ער האָט זיך בײַאַרפט נאָכצופרעגן, וואו עס וואוינט זיין בײַקאַנטער און אַריינגיין צו אים, בײַקענען זיך מיט זיין ווייב, ריידן און אפשר עסן דאָרט... און דאָס אַלץ איז אים שווער געווען. דער צוג איז שוין אַוועקגעגאַנגען, און ער איז אַלץ נאָך געשטאַנען בײַ דער סטאַנציע און האָט געטראַכט. די עטליכע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אַרויסגעשטיגן מיט אים צוזאַמען, האָבן זיך געקושט מיט די, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיי. עפּעס אַ קליין יינגל האָט געהאַלטן אַן עלטערן מאַנס האַנט, קענטיג, אַ פאָטערס, אין זיינער און האָט זי געקושט. דער פאָטער האָט זיך געאיילט און איז גיך געגאַנגען, האַלטנדיג אין דער צווייטער האַנט אַ רייזע־קעסטל, דאָס קינד איז נאָכגעלאָפן און האָט זיין האַנט נישט געוואָלט אַרויסלאָזן... בײַלד זיינען אַלע מענשן פאַרשוואונדן געוואָרן, בײַהאַלטנדיג זיך, ווי די פויגלען, ערגעץ צווישן די בוימער. און פּיינער האָט פאַר זיך קיינעם שוין מער נישט געזעהן, חוץ דעם וועכטער, וואָס איז געשטאַנען מיט דעם טרומייט אין דער האַנט, געקוקט אויף דער ליניע און האָט עפּעס געטראַכט.

ער איז אַריין אין אַן אַלייע, צווישן צוויי שורות ווילעס. פון ביידע זייטן האָבן זיך געזעהן מענשן. ערגעץ האָט מען אַ פאָרהיינגל אַוועקגערוקט, און פּיינער איז געגאַנגען גיך, פילנדיג זיך בײַגלייט פון ביידע זייטן מיט פרעגנדיגע בליקן: „ווער איז דער? וואָס טוט ער דאָ? וואו וואוינט ער‟? אויף די אַלע פראַגן האָט ער אַליין נישט געהאַט קיין ענטפער... און אַז ער איז דורך די ווילעס, און אים האָט קיינער נישט אָפּגעשטעלט, איז אים געוואָרן לייכטער, און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן...

ער איז אַרויס אויף אַ פּלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט וועלדלאַך, קענטיג, איז דאָס געווען אַ

פאַרלאָזט אָרט, וואו קיינער איז נישט געגאַנגען. די ערד איז געווען זאַמדיג, ערטערווייז נאָר באַדעקט מיט גראָז, און עטליכע קליינע, זעהר נידעריגע בוימלאַך האָבן זיך ווי געמאַטערט צו ציהען פייכטינקייט פון דעם זאַמד. זיי האָבן אויסגעזעהן טרויעריג און עלנט. פון וואַלד אַרויס האָט זיך געהערט אַ גערויש פון צווייגן און אַ געשריי פון קראָען... דאָ איז געווען שטיל. פיינער האָט זיך געפילט פריי פון מענשליכע בליקן און פון זיך אַליין... די זון האָט געברענט, דער הימל איז געווען ריין, בלוי און טיף. פיינער האָט שוין לאַנג, לאַנג אַזאַ הימל נישט געזעהן. ער איז נאָר לאַנג דאָ אַרומגעגאַנגען, און אין מח באַ אים האָט זיך קיין געדאַנק נישט גערירט. דער קאָפּ האָט אָנגעהויבן שווער צו ווערן, אין די שלייפן האָט געהאַקט: איינס, צוויי, דריי... די היץ האָט אַלץ געקוועלט, און אים איז שווער געוואָרן צו שלעפן די פיס...

ער איז איינגעשלאָפן אין וואַלד אויף דער ערד. אַז ער האָט געעפנט די אויגן, איז זיין בליק געפאַלן אויף די שטיקער הימל, וואָס האָבן זיך געזעהן צווישן די צווייגן. עס האָט זיך געשלעפט אַ וואָלקן פאַמעליך און פויל. פון דערווייטנס האָט דער וואַלד גערוישט, און עטליכע פויגלען האָבן געפישטשעט... אינגאַנצן איז ער געווען דורכגענומען מיט עפּעס אַ פוילקייט; ער האָט געפילט אונטער זיך די ערד און דאָס קלאַפּן פון זיין האַרצן אויף איר, און אים האָט זיך נישט געוואָלט קיין ריר געבן מיט אַן אבר. ער איז געלעגן און האָט אַרויסגערופן אין זיין מח ערינערונגען פון היינטיגן טאָג, און אַלץ האָט אויסגעזעהן, ווי אַ חלום אַזוי, אַז ס'האָט זיך אים געוואָלט ווייטער נאָך חלומען... נאָר די אויערן זיינע האָבן דערהערט נאָהענטע מענשליכע שטימען, אַ געלעכטער און אַ געלויף, און ער האָט זיך ראַש אויפגעשטעלט אויף די פיס. נישט ווייט פון אים, צווישן די בוימער, זיינען געלאָפן עטליכע יונגע מיידלאַך און גימנאַזיסטן און האָבן הויך געלאַכט. ער האָט זיך געאיילט אַרויסצוגיין פון וואַלד און האָט אַלץ נאָך נישט קלאָר געדיינקט, וען און ווי אַזוי ער איז דאָ אַריינגעקומען. עפּעס האָט זיך אים גערוכט, אַז עמיצער האָט

אים געװעקט, געפּרעגט עפּעס בײַ אים, װען ער איז געשלאָפֿן, נאָר ער איז געװען מיד און האָט זיך געפּוילט צו עפֿענען די אויגן.

די זון איז שוין געװען נידעריג. צום צוג איז נאָך געבליבן אַן ערך פֿון צװײ שעה, און ער איז אַראָפּגעגאַנגען צו דער ליניע, אַרײַן אין דער שאָפּע, װאָס האָט געדינט פֿאַר אַ באַנהויף. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק, פֿאַרלעגט די הענט און האָט געקוקט אין דער װײַט.

נעבן אים איז געשטאַנען דער זעלבער װעכטער, װאָס פֿריהער, און אין דער זעלבער פּאָזע, ער האָט געקוקט אויף דער ליניע און האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, װי אַ דראָנג פֿון אַ װיאָרסט. פֿײַנערן האָט זיך איצט קלאָרער פֿאָרגעשטעלט, װי ער האָט דורכגעלעבט דעם הײַנטיגן טאָג, װי ער איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן אײגן צימער, װי ער איז אַרויס דאָ אַהער, אין אַ װילדער פֿרעמדער געגנט, װאו ער איז אַן איבעריגער און קאָן נאָר שטערן אַנדערע...

און אַ שװער געפֿיל האָט זיך װידער געלעגט אויף זײַן האַרצן. ער האָט געקוקט אויפֿן װאַלד, װאו ס׳האָבן זיך באַהאַלטן אַ סך װילעס, און האָט געטראַכט, אַז דאָס אַלץ, װאָס לעבט און איז צופֿרידן, באַהאַלט זיך און פֿאַרבאָרגט זײַן גליק פֿון שלעכטע אויגן, אַז װען עמיצער װאָלט אים, פֿײַנערן, אַרײַנגעלאָזט אין זײַן צימער, װאָס באַהאַלט זיך דאָרט ערגעץ אין װאַלד, װאָלט ער מיט זיך אַרײַנגעבראַכט אומגליק, פֿאַרדאָרבנקײט, קנאה און שנאה. ער האָט זיך דערמאָנט אָן גוטמאַנען, אויך ער איז אַ גליקליכער, און ער באַהאַלט זײַן גליק, װי ער קאָן עס באַהאַלטן! נאָר ער אײנער שלעפּט זיך אַרום מיט אַן אָפֿן האַרץ פֿאַר אַלע, װי אַ שײַנק, און איז יעדן צו לאַסט...

„אָך, נאָט!" — האָט ער אָפּגעזיפֿצט.

פֿון צװישן די בוימער האָט זיך אַרויסגערוקט אַ שװאַרצע פֿיגור. אַ פֿרויענצימער, אַ שלאַנקע, אין שװאַרצן געקלײדט האָט זיך דערנעהענטערט. אַז זי איז צוגעקומען צו דער ליניע, האָט זי איבערגעװישט מיט דער האַנט די האָר און אַרויפֿגערוקט זײ פֿון איבערן שטערן. געגאַנגען איז זי פֿאַמעליך, די טריט און די באַװעגונגען זײַנען געװען זיכער און שײן, און אַז פֿײַנער האָט איר בליק באַגעגנט, האָט זי די אויגן אַראָפּגעלאָזט. דער בליק

האָט אים געטראָפֿן צאַרט און לייכט, נאָר געהאַלטן האָט ער זיך אויף זיין פּנים מיט עפּעס אַ זיכערקייט: זי האָט געקוקט, ווייל זי האָט געוואָלט קוקן, און אַזוי לאַנג, ווי זי האָט געבּרויכט. דאָס פּנים איז געווען זעהר שיין; און אין דער פאַרקעמונג פון די האָר, אין דעם שטערן, מיט וואָס זי האָט, קענטיג, שטאָלצירט איז געווען אַזעלכעס, וואָס האָט געלעכערט אין מח בּאַ פיינערן און האָט דאָרט געזוכט בּאַשייד.

עס זיינען אָנגעקומען נאָך מענשן, מערסטנטיילס יונגע לייט און יונגע מיידלאַך, לייכט און פריי געקליידעטע. קליידער האָבּן גערוישט, קליינע שטיינדלאַך האָבּן זיך געוואָרפֿן אונטער די פיס, אַלע פּנימער האָבּן געשמייכלט, צוגעגרייט זיך צו שמייכלען און זיך אָפּגערוהט פון שמייכלען. פיינער, האָבּנדיג שוין אַ בּילעט בּאַ זיך, האָט זיך געדרייט צווישן אַלע, עטליכע מאָל בּאַרירט אַ קלייד און איז צופרידן געווען, וואָס ער געפינט זיך צווישן אַזוי פיל מענשן און איז פריי, אינגאַנצן פריי, טוט, וואָס אַלע טוען, האָט אַ בּילעט, ווי אַלע... נאָר יעדעס מאָל, אַז ער איז פאַרבּייגעגאַנגען פאַר דעם מיידל אין שוואַרצן, האָט זיך אין מח אָנגערופֿן עפּעס אומרוהיגס און אין זיין האַרצן איז געווען אַזאַ געפיל, ווי בּאַלד וועט עפּעס געשען, עפּעס זעהר וויכטיגס...

אויף דער זייט, וואוהין דער צוג האָט געדאַרפֿט אַוועקצוגיין, איז ערשט די זון אונטערגעגאַנגען. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז עפּעס אַ ריזנהאַנט דרייט דאָרט בּאַ אַ רעדל אונטערן הימל און בּייט דאָרט די דעקאָראַציע פּאַמעליך, כּדי קיינעם נישט איבּערצושרעקן. מען האָט אָנגעצונדן די לאַמטערנעס.

דאָס מיידל האָט זיך אויפגעהויבּן פון אָרט און איז אָפּגעגאַנגען עטליכע טריט. פיינער האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אויפן אָרט. ער האָט זי דערקענט.

„דאָס איז זי! זי! זי, זי... גוטמאַנס!"

פון דערווייטנס האָט דער לאָקאָמאָטיוו געפּייפט און געוועקט. עמיצער האָט אים אַ שטויס געגעבּן. פון וואַלד האָט אַרויס־געקוקט די לבנה. און אויף מערב זייט איז געווען אַזוי שטיל און רוהיג, אַז ס'האָט זיך געוואָלט דאָרט אַהין אַוועקפירן זיך מיט אַלע שלעכטע געדאַנקען...

# IV.

אַז פּיינער איז געקומען קיין וואַרשע, איז שוין געווען נאַכט. ער איז געווען מיד און צעבראָכן. דער קאָפּ האָט אים ווי געטאָן. און אַלץ איז אים געווען ווי צעשרויפט און האָט זיך נישט געפונען אויפן ריכטיגן אָרט. אַ גאַנצן וועג האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט די געראַנקען וועגן גוטמאַנען און זיין געליבטער, וואָס ער האָט געזעהן. אים האָט זיך אַלץ פאָרגעשטעלט, אַז זי, די שיינע, די רוהיגע און גליקליכע שטרעקט אויס אירע צוויי אָרעמס און נעמט אַרום גוטמאַנען, קושט אים... און גוטמאַן, צופרידן מיט זיך, מיט אַ גלויבן, אַז ער האָט דאָס פאַרדינט, שמייכלט און קושט זי פאַמעליך. ער האָט אויפן וועג אַ סך מאָל איבערגעווישט מיט די הענט דאָס פּנים און האָט זיך געמאַטערט צו פאַרטרייבן די געראַנקען, נאָר דאָס בילד איז אַלץ ווידער פאָרגעקומען אין זיין מח, און אַ סך מאָל איז פאַרשוואונדן די גרענעץ צווישן אים און גוטמאַנען, און אָנשטאָט גוטמאַנען האָט געקאָנט זיין ער, פּיינער... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַמאָל, נייענדיג פאַרנאַכט אויף דער גאַס, האָט ער געקלערט, אַז גוטמאַן וועט חתונה האָבן, באַ אים וועט זיין אַ שיין, ציכטיג הויז, און ער, פּיינער, וועט אין דעם הויז זיין אַ געליבטער גאַסט... און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער איז דאַמאָלס אַזוי צופרידן געווען, טראַכטנדיג אַזוי, און פאַרוואָס אים איז איצט אַזוי נישט גוט.

ער איז נישט גלייך געגאַנגען אַהיים. ער האָט נישט געוואָלט טרעפן גוטמאַנען וואַכנדיג, ווייל ער וואָלט נישט געוואוסט, ווי צו ריידן מיט אים, און ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין די גאַסן. אויפן הימל איז געהאַנגען די לבנה, זי איז געווען ציטעריג און בלאַס, ווי דערשראָקן. דער געטומל אין די גאַסן איז נאָך נישט איינגאַנצן געשטילט געווען און באַ יערן ראָג האָט אים אַ פּאָליציאַנט נאָכגעקוקט.

ער איז מיד געוואָרן, אים האָט זיך געוואָלט ליגן און ער האָט זיך ווידער געפילט אַרויסגעיאָגט פון זיין אייגן צימער.

עס איז שוין געווען נאָך צוויי, ווען ער איז אַהיים געקומען. פײַנער האָט זיך דורכגעגנבעט דורך דעם פֿאָדערשטן צימער, ווי אַ גנב, און איז אַרײַן אין זײַנעם. ער האָט קיין ליכט נישט אָנגעצונדן, ער האָט זיך אויסגעטאָן און געלעגט, און געדוכט האָט זיך אים, אַז גוטמאַן הערט און איז וואַך, נאָר ער מאַכט זיך שלאָפֿנדיג. ער האָט זיך אַוועקגעדרייט פֿון אים מיטן פּנים, האָט צוגעמאַכט די אויגן און האָט אײַנגעדרימלט.

אין דרימל האָט ער געהערט, עמיצער איז אַרײַנגעקומען שטיל. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט בײַם טישל און האָט געקלאַפּט פּאַמעליך מיט דער פויסט אויפֿן טיש עפּעס מיט אַ זיכערקייט און שטומקייט: איינס, צוויי, דריי, פיר... ער האָט זיך נאָך יעדן קלאַפּ אָפּגערוקט, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער... פײַנער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ראָס וועקט מען אים, ער זאָל אויפֿשטיין, און ער האָט זיך מיט געוואַלד אויפֿגעריסן פֿון שלאָף...

— ווער איז דאָ? — האָט ער אויסגעשריען.

גוטמאַן האָט זיך גערירט און זיך נישט אָנגערופֿן. פֿון דערוויײַטנס האָבן די לאָקאָמאָטיוון געפּייפֿט, געפֿירט צווישן זיך אַ געשפּרעך. אין דרויסן איז ליכטיג געווען.

— גוטמאַן, דאָ איז קיינער נישט געווען?

גוטמאַן האָט זיך ווידער גערירט און האָט נישט געענטפֿערט. פײַנער האָט פֿאַרביסן די ליפּן און געקוקט אויף גוטמאַנס צעשויבערטע האָר, אויף זײַן פּנים, און אים האָט זיך ווידער פֿאָרגעשטעלט, אַז אָט דעם ברודיגן גוף נעמען אַרום צוויי ווײַכע, פֿרישע אָרעמס... און אַ ווילדע שׂנאה האָט ער געפֿילט צו דעם מענטשן, וואָס איז אַזוי פֿול מיט זײַן גליק, אַז ער וויל נישט ענטפֿערן אויף פֿרעמדע ליידן.

— מאוסער מענטש, — האָט ער געבּרומט און האָט זיך אויסגעדרייט.

אַז ער האָט זיך אין דערפֿריה אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, האָט ער געזוכט אין בעט, צי גוטמאַן איז דאָ. ער האָט געדרייקט, אַז בײַנאַכט איז עפּעס געשען, און אַז ער האָט געעפֿנט די אויגן און האָט קיינעם נישט געזען אין צימער, האָט ער זיך

רערמאָנט, אַז ער האָט גוטמאַנען גראָב באַליידיגט, אַז יענער האָט זיך אַוודאי אָנגעטאָן פאַרטאָג און איז אַרויס פון צימער.

„וואָס טוט זיך דאָס מיט מיר?" — האָט ער געברומט און אַריינגעשטעקט דאָס פּנים אין קישן, — „וואָס טוט זיך מיט מיר?!"

ער האָט זיך געברויכט צו איילן אין דרוקעריי. געאַרבעט האָט ער מיט אַ מין פאַרביסנקייט, שנעל אָהן אויפהער, דריי האָט ער געענדיגט די אַרבעט און איז אַרויס אויפזוכן גוטמאַנען.

ער האָט אים געטראָפן זיצן אין די אַלייען אויף אַ באַנק, אָנגעלענט מיט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און האָט נאָכגעקוקט אַ וועלאָסיפּער.

— וואָס טוסט דו דאָ? — האָט פיינער געפרעגט און האָט זיך געפילט אויפגערעגט, — איך זוך דיך.

גוטמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט, אָנגעקוקט פיינערן זיכער, ווייל ער האָט געוואָלט קוקן. פיינער האָט זיך ווידער דערמאָנט אין די בליקן פון מיידל נעכטן פאַרנאַכט.

— איך בין דאָ געזעסן, — האָט ער געענטפערט נאָך אַ קורצער פּויזע און האָט זיך צוריקגעזעצט אויף דער באַנק. פיינער האָט זיך אויך געזעצט.

— זאָג, — האָט פיינער אָנגעהויבן, און ער האָט געפילט, אַז זיין שטימע ציטערט, — דו ביסט בייז אויף מיר, איך בין ניט שולדיג, ווייסט די נערוון מיינע זיינען צערודערט.

— דו רעדסט, ווי אַ קינד, פיינער, — גוטמאַן האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין מיט איראָניע. — איך שטער דיר. איך באַקום קיין בריוו נישט, איך מוז היינט פאָרן.

— דו וועסט היינט נישט פאָרן. דו האָסט דאָך קיין געלט נישט. אויף דער אַנדערער וואָך וועל איך האָבן אַביסל געלט.

— איך וועל מיך לייגן אונטער דער באַנק... יאָ, איך האָב אַ פּאַספּאָרט, מיר וועט מען גאָרנישט טון! — האָט ער געענדיגט מיט ענערגיע, ווילנדיג זיך אַליין איבערצייגן, אַז ער וועט אַזוי טון.

פיינער האָט פאַרקרימט די ליפּן, ווי אויף אַ שמייכל. אינ־גאַנצן איז ער געווען פאַרוואונדערט און האָט נישט געוואוסט, וואָס ס'טוט זיך. גוטמאַן וויל אַוועקפאָרן — און דאָס מיידל? — און ער אַליין וואָס וויל?

— דו וועסט נישט פאָרן, גוטמאַן. איך בעט דיך. איך בין נישט שולדיג, גלויב...

גוטמאַן האָט אים איבערגעהאַקט:

— וואו ביסט דו נעכטן געווען?

— יאָ. איך האָב דיר פאַרגעסן צו דערציילן. איך בין געבעטן געווען אין וו. אויף זומער־וואוינונג. דאָרט וואוינט מיינער אַ באַקאַנטער, דאָרט איז שיין, זעהר שיין, מיר וועלן אַמאָל אַהין פאָרן. יאָ?

פיינערן האָט זיך גערוכט, אַז די ווערטער האָבן גוטמאַנען אויפגערעגט, אים איז אַוודאי נישט אַנגענעם געווען, אַז ער זאָל זיין מיט אים צוזאַמען דאָרט, וואו זי איז.

— לאָמיר פאָרן, — האָט גוטמאַן געזאָגט — איך האָב שוין לאַנג נישט געזעהן קיין פעלד, נאָר צו דיין באַקאַנטן וועל איך נישט אַריינגיין.

אין וואַגאָן זיינען זיי געזעסן איינער קעגן אַנדערן. צוערשט האָט זיך פיינער געשטעלט באַם פענסטער און גענומען אַרויסקוקן, אַלץ איז געווען, ווי נעכטן, און ער האָט נישט געוואוסט, וואו עס האָט זיך אַהין געטאָן דער נעכטיגער נחת פון האַרץ, ווען ער האָט אַרויסגעקוקט. ער האָט אָפּגעטרעטן דאָס פענסטער גוטמאַנען, וואָס האָט לאַנג אַרויסגעקוקט און געזאָגט:

— פונקט אַזוי, ווי באַ אונז, די אייגענע הייזלאַך און די זעלבע פויערים.

פיינער איז געוואָרן אומגעדולדיג, דער צוג האָט זיך געשלעפּט גאָר צו פּאַמעליך, דער וואַגאָן איז געווען פול מיט רויך. אויסגעקרימטע פאַרביסענע, נערוועזע פּנימער האָבן זיך נאָר געזעהן, וואָס האָבן אים דערמאָנט זיין אייגן פּנים.

— מיר זיינען געקומען, — האָט פיינער געזאָגט צו גוטמאַנען, וואָס איז אַלץ געשטאַנען באַם פענסטער און האָט אָנגערירט זיין אַקסל. קומט, גוטמאַן.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט שטום מיט פראַגן אין די בליקן.

זיי זיינען אַרויס פון וואַגאָן, און פיינערן האָט זיך גערוכט, אַז גוטמאַנען איז די געגנט באַקאַנט. ער האָט זיך גאָרנישט

געפֿרעגט און גענומען גיין צו דעם זעלבן אָרט, פֿון וואַנען דאָס מיידל איז נעכטן אַרויסגעגאַנגען.

— וואוהין גייסט דו? — האָט פֿיינער געפֿרעגט, — דאָ זיינען ווילעס.

— מען טאָר דאָ נישט גיין? — האָט גוטמאַן איבערגעפֿרעגט, אומקוקנדיג זיך אין אַלע זייטן — דאָ איז גוט, ווייסט, מיך עקלט די גרויסע שטאָט.

פֿיינער האָט נישט געענטפֿערט, זיי זיינען געגאַנגען גלייך מיט דער ליניע, פֿיינער האָט זיך אַלץ אומגעקוקט צו דער סטאַנציע, גוטמאַן האָט געזאָגט:

— לאָמיר זיצן, — און האָט זיך אַנידערגעוואָרפֿן אויפֿן גראָז, אונטערגעלעגט די הענט אונטערן קאָפּ און געקוקט. פֿיינער האָט זיך געזעצט נעבן אים:

— ווייסט, ווען איך האָב דאָ נעכטן געזעהן? — האָט ער געזאָגט.

גוטמאַן האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויף אים און האָט זיי אַראָפּגעלאָזט. קענטיג, ס'האָט אים נישט אינטערעסירט, וואָס פֿיינער רעדט. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דער בוזעם־קעשענע די קאַרטע און האָט גענומען קוקן.

— ווייז די קאַרטע אַ מינוט, — האָט פֿיינער געזאָגט.

גוטמאַן האָט זי אים דערלאַנגט און האָט פֿאַרביסן די אונ־טערשטע ליפּ. פֿיינער האָט גענומען די קאַרטע פֿאַר די אויגן. אַ פּאָר אויגן האָבן אויף אים געקוקט זיכער. די הענט האָבן זיך געהאַלטן אין באַוועגן. גוטמאַן האָט אויף אים געקוקט מיט באַאָבאַכטונג. פֿיינער האָט זיך ווידער געפֿילט צערודערט. „איך פֿאַרשטיי נישט, איך פֿאַרשטיי גאָרנישט!" — איז אים דורך דורכן מח די נעכטיגע פֿראַזע. די קאַרטע איז אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט, גוטמאַן האָט זי אויפֿגעהויבן, איינגעוויקלט אין פּאַפּיר און אַריינגעלעגט אין טאַש.

— קום! — האָט פֿיינער געזאָגט.

— צו וואָס גיין? — האָט גוטמאַן געענטפֿערט רוהיג.

עס איז געווען שטיל. די זון איז געשטאַנען איבערן וואַלד. אַ זשאַבע איז דורכגעשפּרונגען, גוטמאַן האָט זיך דערשראָקן און האָט אַ ציטער געגעבן.

פיינער האָט זיך אָנגערופֿן:

— דו ווייסט, ווּעמען איך האָב דאָ נעכטן געזעהן? טרעף! דו ווייסט... ער האָט אים שטרייננג געקוקט אין די אויגן אַריין.

— ווּעמען?

— זי — ער האָט אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף גוט־מאַנס בוזעם־קעשענע.

גוטמאַן האָט זיך געזעצט, פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן פאַר די שטראַלן און האָט געזאָגט מיט שפּאָט, שמייכלענדיג:

— דו זאָגסט אַ ליגן, דו קענסט זי נישט.

— איך קען זי! — האָט פיינער זיך געבייזערט.

— נו... האָט זיך גוטמאַן געבעטן, — זאָג נישט קיין ליגן. דו קענסט זי נישט.

— ווילסט? וועל איך זי דיר היינט ווייזן.

— דו וועסט זי מיר ווייזן?

— יאָ.

— ווייזן! — האָט גוטמאַן געענטפערט אַנטשלאָסן.

אַז זיי זיינען צוגעקומען צו דער סטאַנציע, האָט בּאַ פיינערן דאָס האַרץ געקלאַפּט. בּאַ אים איז געווען אַ געפיל, ווי ער זאָל עמיצן פירן צו אַן אומגליק. ער האָט זי בּאַמערקט פון דער־ווייטנס, זי איז געזעסן און געקוקט אויף זיי. גוטמאַן איז גע־גאַנגען שנעל, די טריט זיינע זיינען געווען גיכערע, ווי געוויינליך. פיינער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען די שאָפּע.

— האָסט געזעהן? — האָט ער געפרעגט גוטמאַנען.

— וואו?

— נו, דאָרט, — ער האָט אים געשטופּט בּאַ דער האַנט...

זיי האָבן זיך געדרייט עטליכע מאָל אַרויף און אַראָפּ און האָבן גאָרנישט גערעדט צווישן זיך. פיינער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס ס'טוט זיך. ער האָט געקוקט אויף מערב זייט און אים האָט זיך דערמאָנט די גרויסע, רוישנדיגע שטאָט, וואָס ליגט אונטערן וואַלד. און אַז דער צוג איז צוגעקומען, האָט ער זיך דערפרייט און האָט געאיילט צו נעמען בּילעטן.

פיינער האָט זיך געשטעלט באַם פענסטער און האָט עפּעס מוראָ געהאַט צו קוקן זיין חבר אין פּנים אַריין. גוטמאַן האָט געשוויגן. אין דרויסן איז די נאַכט צוגעפאַלן. וואָלקנס האָבן באַצויגן דעם הימל און אַ טראָפּ רעגן האָט אַ קאַפּ געגעבן אויפן פּנים. ער האָט דערפילט איבער זיין אָרעם אַ האַנט, וואָס האָט אַרויסגעוואָרפן צעריסענע שטיקלאַך טאָוול. איין שטיקל איז געפאַלן אויף פיינערס אַקסל, ער האָט עס באַטראַכט און האָט דערקענט אויף אים אַ באַקאַנטן אָרעם פון דעם מיידל. עטליכע פונקען זיינען דורכגעפלויגן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט. גוטמאַן איז געזעסן מיט פאַר־לעגטע הענט און האָט געקוקט אויף דער ערד.

— דו האָסט צעריסן די קאַרטע? — האָט פיינער געפרעגט, פאַרקרימענדיג די ליפּן אויף אַ שמייכל — דו ביסט אַ מאָדנער מענש, פאַרוואָס האָסטו צעריסן?

גוטמאַן האָט געענטפערט שטיל:

— וואָס? אַ מיידל, ווי אַלע. — נאָך וואָס טויג זי מיר...

— נאָר פון וואַנען האָסטו די קאַרטע באַקומען? איך האָב געמיינט... פיינער האָט נישט געקאָנט ענדיגן... אין האַלז איז עפּעס צוגעקומען און האָט געשטיקט.

גוטמאַן האָט געשמייכלט, עפּעס מאָדנע פאַרצויגן די ליפּן און געזאָגט:

— דאָס האָב איך געפונען. איך בין געגאַנגען אויף דער גאַס, איז דאָס געלעגן.

— איך האָב מיך טועה געווען.

אויפן הימל זיינען די וואָלקנס געדיכטער געוואָרן, פיינער האָט אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ אין דער פינסטערניש אַריין און האָט געוואָלט פאַרלירן זיך אין זיינע געדאַנקען. אין מח באַ אים איז געווען שטיל, ווי אויף אַ בית־עלמין... נאָר פּלוצלינג איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין דאָס יינגל, וואָס האָט געוויינט און גע־קוקט אויפן הימל, פון וועלכן גוטמאַן האָט אים אַמאָל באַנאַכט דערציילט, ער האָט זיך איצט אַזוי קלאָר פאָרגעשטעלט דאָס יינגל אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע, ווי ער שטייט אָנגעלענט אויף דער וואַנט, און ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט.

## V.

אין איינגען צימער איז געווען פינסטער, אויף די שויבן איז געלעגן די שוואַרצע נאַכט. אויף די רעכער אַרום האָט געקלאַפּט דער רעגן. דער ווינט האָט געבלאָזן דורך אַ האַלב אויסגעהאַקטער שויב. ביידע זיינען געלעגן שטיל, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן, און האָבן געשוויגן. גוטמאַן האָט געקוקט אויפן פענסטער און האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי איבערן הימל ציהט זיך איצט איין שווערע כמאַרע, וואָס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף נישט. און ער האָט זיך דערמאָנט אַמאָל אַ ניסן־טאָג פון זיין קינדהייט, ווי ער איז געשטאַנען אויפן שולהויף און האָט געקוקט צום עק הימל, וואַרטנדיג אויפן לעצטן וואָלקן, וואָס וועט פון דאָרט אויפגיין. איצט האָט זיך אים געדוכט, אַז אַזעלכע שווערע כמאַרעס ציהען זיך איבער זיין קאָפּ און ער ליגט זיך רוהיג, שטיל און מישט זיך נישט אַריין, ווי נישט אים וואָלט עס אָנגעגאַנגען. נאָר אין דער שווערער כמאַרע האָט עפּעס אויפגעבליצט אַ געדאַנק, און אין מח זיינעם איז ליכטיג געוואָרן. זיינע געדאַנקען האָט גוטמאַן ליב געהאַט, ער האָט זיי געקאָנט ציילן און האָט זיי זעלטן אַמאָל עמיצן געזאָגט. איצט אָבער האָט זיך אים געוואָלט ריידן.

— פיינער, דו שלאָפסט? — האָט ער געפרעגט נישט דרייסט.

— ניין, ווילסט עפּעס? — פיינער האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן פּנים.

— הער, וואָס וואָלט געווען, אַז מענשן וואָלטן נישט געהאַט קיין אויגן? דו האָסט עפּעס געלעזן וועגן דעם?

— איך האָב עפּעס געלעזן, — פיינערן האָבן די רייד געשראָקן.

— דו האָסט געלעזן? נו, שטעל דיר פאָר... מיר וואָלטן גאָר נישט געזעהן, קיין מענש וואָלט נישט געזעהן דעם צווייטן. עס וואָלט פינסטער געווען... וואָס וואָלט געווען, ווען מען וואָלט צופעליג געטראָפן אויף אַ פרעמדער האַנט? שטעל דיר פאָר...

— וואָס? — האָט פיינער געפרעגט דערשראָקן.

— מיט וואָס פאַר אַ פרייד וואָלט מען געדריקט די האַנט! מיט וואָס פאַר אַ פרייד! פאַרשטייסט?

— איך שרעק זיך, איך פאַרשטיי גאָר נישט. ווייסט, איך האָב דיר מקנא געווען... לאָז שלאָפן...

פעליע פײנשטײן האָט שטענדיג געהאַלטן באַ זיך אַ קלײן פלעשעלע ציאַניסטי קאַלי. יעדע מינוט, װען נאָר זי זאָל דאָס װעלן, קאָן זי אױסטרינקען מיט אײן זופּ דעם שאַרפן גיפט, און אין עטליכע מינוט אַרום איז זי טױט. איר איז דאָס פאַרגעקומען אַזױ לײכט צו טון, װי, צום בײשפּיל, לײגן זיך שלאָפן באַנאַכט.

פאַר עטליכע יאָר, אין דער זעלבער צײט, װען זי איז געװען דאָס לעצטע מאָל אַזױ שרעקליך גענאַרט און אַזױ טיף באַלײדיגט, האָט זי פעסט באַשלאָסן, אַז — גענוג! זי קאָן מער נישט איבערטראָגן דאָס אײביגע מאַטערניש, זי מוז מיט אירע אײגענע הענט איבעררײסן די קײט פון לײדן, װאָס ציהט זיך און װעט זיך אַזױ ציהען אָהן אַן אױפהער, װי לאַנג זי װעט לעבן. איר יונגנט האָט שױן רעמאָלט געהאַלטן אין אָפּבליהען; מיט יעדן טאָג איז געװאַקסן דאָס קלעמעניש אין האַרצן, די בײנקשאַפט, װאָס האָט גענאָגט און גענאָגט און קײן מינוט נישט אױפגעהערט. מענשן זײנען איר רערעסן געװאָרן. די לעצטע געשיכטע האָט איר געעפנט די אױגן צו זעהן, װאָס אײגנטליך די אַלע מאַנספאַרשױנען פאַרלאַנגען פון איר. זי האָט זיך געפילט, װי אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש אין װאַלד, אַרומגערינגלט פון יעגערס, װאָס װילן זי פאַנגען. און דאָס האַרץ האָט אַזױ געצװיגן און געבײנקט צו זײ, און דער געדאַנק האָט זײ אַזױ פײנט געהאַט!

זי איז געקומען באַנאַכט אַהײם אין איר צימער, האָט אַרױסגענומען פון טאַש דאָס קלײנע פלעשעלע, האָט עס געשטעלט אױף דער טאַבורעטקע נעבן טיש און האָט אָנגעשריבן אַ קורצן בריװ צו איר מוטער און איר ייִנגערער שװעסטער. זי האָט זיך

אויסגעטאָן און אָנגעטאָן קלאָרע וועש. דערנאָך האָט זי איבער־געצויגן די קישנס מיט ווייסע ציכלאַך, איבערגעטוישט דעם ליילאַך, אַזוי אַז איר געלעגער האָט געבלאַנקט שפּאָגל־ווייס און ניי. אין איין העמד האָט זי זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל, האָט אויפגעפלאָכטן אירע שוואַרצע האָר — דאָס שענסטע, וואָס איר איז געבליבן — און האָט זיי געלאָזט אַראָפּפאַלן פריי איבער איר קאָפּ, און מיט שטילע רוהיגע טריט איז זי צוגעגאַנגען צום בעט און האָט זיך געלעגט. זי האָט זיך נישט געאײַלט. בכלל, האָט זי זיך גענומען אין זין אַריין צו שטאַרבן רוהיג און שיין, נישט אין אײַלעניש און כאַפּעניש, נישט אין אַן אויפגערעגטער מינוט. זי איז געווען שטאָלץ, האָט געהאַט אַ טיפע אַכטונג צו איר אייגענער פּערזאָן, און איר האָט נישט געקאָנט איינפאַלן קיין ספק, צי זי וועט האָבן מוט אויסצופירן איר באַשלוס.

זי האָט אויסגעצויגן איר שלאַנקען קערפּער אין בעט, גלייך אַראָפּגעלאָזט די הענט איבער דער קאָלדרע, האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך פאַרטראַכט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם נאָהענטן טויט, און ער האָט זי נישט געשראָקן. וועגן די עטליכע מינוט פון אויסטרינקען דעם גיפט ביז צום עק האָט זי אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן. נאַרישקייטן! צוויי־דריי מינוט ליידן, דאָס איז דאָך לעכערליך. און דערנאָך... דערנאָך האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, ווי איר קערפּער ליגט פאַרגליווערט אין בעט, די אויגן פאַרמאַכט, דאָס פּנים בלאַס; דאָס האַרץ שלאָגט נישט מער, דער מח איז אָנגעגאָסן מיט בליי און ערגעץ, ערגעץ איז נישטאָ מער קיין שפּור פון דעם שווערן קלעמעניש! איר איז אַפילו שוין איצט פרייליך געוואָרן באַ דעם געדאַנק, אַז איר האַרץ וועט זיין פריי פון דעם געפיל, וואָס האָט עס געשטיקט טאָג און נאַכט, ווי אַ שטיין. אויף איר טיף־פאַרטראַכטן פּנים מיט די פאַרמאַכטע אויגן איז דורכגעלאָפן עפּעס, ווי אַ שמייכל.

זי האָט אויסגעלעגט אירע האָר אויפן קישן, האָט געעפנט די אויגן און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער טאַבורעטקע. די ליכטיגקייט, דער טיש, די באַנק און די איבעריגע זאַכן פון צימער האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין אירע אויגן אויף עפּעס אַ נייעס, גאָר באַזונדערן אַרט. זי האָט געהאַט פאַרגעניגן פון דעם קוקן

אויף זיי, פּונקט זי וואָלט זיי אָט אַזוי נאָך קיינמאָל אין איר לעבן ניט געהאַט געזעהן. זיי אַלע, פון דער טאַבורעטקע ביז צו די אויסגעשטריקטע זוימען פון העמד אויף איר ברוסט, ביז צו אירע אייגענע, רוהיג־ליגנדיגע, הענט — אַלץ, אַלץ האָט אויסגעזעהן אַזוי אומבאַקאַנט און דאָך אַזוי באַקאַנט, אַזוי ניי און דאָך אַזוי אַלט. עפּעס אַ פאַרביגע ליכטיגקייט, וואָס האָט געשטאַמט פון איר אייגענעם וועזן, איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אַלץ און האָט געגעבן גאָר אַ נייעם קאָלאָריט דער וועלט אַרום, איר אַליין, אירע אַלע געדאַנקען און געפילן. אַלץ האָט זיך איצט אויסגערוכט צו זיין שטיל, רוהיג און אַזוי געבענשט אין זיך.

„איצט שטאַרב איך“, האָט זי געטראַכט. און אויך דער געדאַנק, מיט וועלכן זי האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעטראָגן, האָט איר איצט אויסגעזעהן ניי. אויך אין אים איז געלעגן באַהאַלטן עפּעס אַ געבענשטע רוהיגקייט, פון וועלכער זי האָט פריהער קיין אַנונג ניט געהאַט. זי האָט שוין גענומען דאָס פלעשעלע אין האַנט און עס צוגעטראָגן צו די ליפּן, אויפהויבנדיג דערביי אַביסל דעם קאָפּ פון קישן, און אין דעם זעלבן מאָמענט האָט אַ נייע אידייע אויפגעבליצט אין איר קאָפּ, אַ אידייע, וואָס האָט זיך געדוכט צו זיין טיף און אומערגרינדליך, ווי דער סוד פון טויט און לעבן, און אַלץ אַרומנעמענד אַזוי ווי זיי. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האַלטנדיג דאָס פלעשעלע באַם מויל, אום צו טראַכטן דעם גרויסן געדאַנק. זי האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין ווערטער, און דאָך איז ער געווען אַזוי פּראָסט און קלאָר. יענע וועלט פון קלעמעניש אוןביינקשאַפט, פון ליידן און מאַטערניש האָט זי שוין געהאַט הינטער זיך, און איר איז אויפגעגאַנגען אַ נייע וועלט, וואו ליידן זיינען אוממעגליך, וואו קיין זאַך שרעקט מער נישט, וואו מען ביינקט נישט און מען פאַרלאַנגט גאָרנישט — אַ רוהיגע און אַ געבענשטע וועלט. איר האָט זיך געדוכט, אַז אָט איצט שטייט זי אויף דער גרענעץ פון טויט און לעבן, אויף דעם פּונקט, וואו זיי רירן אָן איינער אָן אַנדערן, און ווערן פאַרשלונגען איינער אין אַנדערן און זיינען איינס. זי האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן, צוריקלייגנדיג דעם קאָפּ אויפן קישן. פאַר אירע אויגן האָבן זיך געטראָגן אויפן שוואַרצן פאָן

פאַרשיירענע באַקאַנטע געזיכטער, ציטערנדיג ווי ליכט־פלעקן. עס האָט זיך אויסגעריסעוועט דאָס שמייכלדיג, ווייך, און דאָך אַזוי געהאַסט, פּנים פון דעם סטודענט, מיט וועמען איר לעצטע געשיכטע איז געווען פאַרקניפּט. זי האָט איצט נישט געפילט קיין פיינטשאַפט צו דעם פּנים, קיין האַס פון באַליידיגונג. דאָס פּנים איז געווען שטיל אין זיך, רוהיג אין זיך און געבענשט אין זיך, ווי דער גרויסער געראַנק, ווי די גאַנצע וועלט. עס האָבן זיך פאַרביינגעטראָגן איר מוטער, איר שוועסטער, באַקאַנטע — אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן אויסדרוק.

„צי בין איך שוין געשטאָרבן"? — האָט זי זיך געפרעגט. נאָר ניין, זי איז נישט טויט, דאָס פלעשעלע גיפט איז נאָך געווען אין איר האַנט, און זי האָט עס נאָך געהאַלטן פאַר אירע ליפּן. און אין דער מיסטישער העלקייט פון איר קאָפּ האָט זיך פאַמעליך אויסגעריסעוועט אַ קלאָרער געראַנק: „איך שטאַרב דאָך רוהיג, גליקליך און מיט פרייד!" און באַלד דערויף האָט זיך צוגעשפּינט אַ נייער געראַנק:

„אויב מען קאָן אַזוי רוהיג און גליקליך שטאַרבן, וואָס שרעקליכס איז ווידער פאַראַן אין לעבן? צו וואָס זיך איילן?"

די גאַנצע נאַכט איז זי דורכגעלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, און אין איר קאָפּ האָבן זיך געטראָגן אומקלאָרע בילדער און געראַנקען. אויף מאָרגן, ווען זי האָט זיך אויפגעהויבן און געעפנט די אויגן, איז נאָך געלעגן אויף אַלץ אַן אָפּגלאַנץ פון דעם נעכטיגן קאָלאָריט, אַלץ האָט נאָך אויסגעזעהן עפּעס ווי ניי, און אַליין האָט זי זיך געפילט ווי ניי־געבאָרן... אַ וואונדער איז געשען: איר האַרץ איז געווען פריי, קיין שפּור פון דעם קלעמעניש, קיין שאָטן פון דער ביינקשאַפט איז דערין מער נישט געווען.

„צי האָב איך נישט געהאַט קיין מוט אויסצופירן?" — האָט זי זיך דעם זעלבן טאָג געפרעגט: „נאָר, ניין! איך קאָן רוהיג שטאַרבן, ווען זיך נאָר אָנהויבן דאָס קלעמעניש אין האַרצן, וועל איך דאָס טון, און טון אָהן אַ ציטערינגער האַנט, איבער־

לייגטערהייט, מיט קלאָרע געראַנקען״, און דאָס פלעשעלע גיפט איז געבליבן באַ איר גרייט אויף עס אויסצונוצן, ווען זי וועט באַשליסן.

זי איז געבליבן לעבן אויף דערוויל, פילנדיג זיך אויף דער שוועל פון טויט. יענע נאַכט האָט אַרויפגעלעגט אויף איר אַ באַזונדערן שטעמפּל. איר בליק, דער אויסדרוק פון איר פּנים, אירע מאַנירן, איר שטים אַפילו האָבן זיך געענדערט, און זי האָט פאַרשפרייט אַרום זיך אַ טיפע, אומפאַרשטענדליכע ערנסט־קייט און וויכטיגקייט, אין איר געגנוואַרט איז מען געגאַנגען גע־לאַסן און גערערט שטיל. האָט ווער געלאַכט, האָט ער זיך דער־שראָקן פאַר זיין אייגן קול. און ווען זי האָט צופעליג אַרויפגע־לעגט איר האַנט אויפן טיש, איר פיין־אויסגעשניטענע האַנט מיט די לאַנגע ווייסע פינגער, האָט מען געפילט אַ דרך־ארץ צו איר, און די בליקן זיינען געווען צו איר צוגעצויגן ווי מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט. זי האָט ווייטער געגעבן לעקציעס, געפירט די ווירטשאַפט, גערערט ווייניג און נאָר צו דער זאַך, נאָר אירע פּראָסטע רייד זענען פּראָסטע, היימישע זאַכן האָבן געמאַכט אַ מאָרנעם איינ־דרוק, גלייך ווי אונטער זיי וואָלט זיך פאַרבאָרגן עפּעס אַ גרויסער סוד. זי איז געוואָרן אַ פרעמדע אין הויז. אי די קראַנקע מוטער, אי די שוועסטער האָבן מיט איר נישט גערערט קיין איבעריגע רייד, און אַלע האָבן געוואוסט, אַז זי טראָגט אין האַרצן באַ־האַלטן פון אַלעמען איר גרויס אומגליק.

טעג זיינען פאַרגאַנגען נאָך טעג, זי האָט געלעבט אין איר נעפּל און האָט געשוויגן. די מוטער איז געשטאָרבן, די שוועסטער האָט געענדיגט די גימנאַזיע, זי אַליין איז געוואָרן עלטער, נאָר איר איז עס פאַרגעקומען, ווי קיין זאַך וואָלט זיך נישט ענדערן. אַלץ, וואָס ס׳איז געשען, איז געשען אַזוי נאַטירליך און פאַר־שטענדליך, אַז אַנדערש האָט גאָרנישט געקאָנט זיין, געדוכט האָט זיך, אַז פון יענעם טאָג אָן איז אַלץ אין איר און אַרום איר פאַרגליווערט געוואָרן און רירט זיך נישט מער. איר יוגנט אַפילו וועלקט מער נישט, און זי בלייבט די זעלבע ווי פאַר אַ יאָר, ווי פאַר צוויי יאָר. זי האָט געלעבט אָהן פרייד און אָהן ליידן, טאָג־איין—טאָג־אויס, אין דער זעלבער גלייכגילטיגקייט, און טייל־

מאָל האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט פאַרלאָרן די פייהיגקייט אונטער־צושיידן צווישן לייד און פרייד, גליק און אומגליק. מיט דער צייט נאָר האָט זיך בײַ איר אויסגעאַרבעט אַ באַזונדערער געשמאַק; זי האָט נישט ליב געהאַט קיין פאַרביגע קליידער; אַליין האָט זי געטראָגן אָדער שוואַרץ, אָדער — אין דערהיים — ווייס; די בלוזעס אירע האָט זי אַזוי קונציג צוגעשניטן און פאַרוואָרפן מיט פאַלבן, אַז זיי האָבן נישט געלאָזט אַרויסזעהן איר ברוסט, און פון ביכער האָט זי נישט געקאָנט ליידן אַלערליי ראָמאַנען און ליבע־לידער, וואָס האָבן אויף איר געמאַכט אַן אָפּשטויסנדיגן איינדרוק, גלייך ווי מען וואָלט באַרירן מיט אומפאַרשעמטע גראָבע הענט אַ הייליגטום.

די ייננגערע שוועסטער, אַ נ נ אַ, איז אויסגעוואַקסן שיין און געראָטן. זי פלעגט געפעלן, האָט זיך פאַרליבט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר איר די זעלבע אומרוהיגע צייט, וואָס פ ע ל י ע האָט אַזוי גוט געקענט. אַננאַ פלעגט אַהיים קומען באַנאַכט ראָ פרייליך, ראָ טרויעריג, האָט פיל מאָל געוויינט. פעליע האָט אויף איר געקוקט מיט איר טרויעריג־גלייכגילטיגן בליק און האָט גע־פילט, ווי דאָס יונגע פרישע לעבן פון איר שוועסטער ברעכט זיך, ווי אירס אַמאָל, נאָר זי האָט געשוויגן, געשוויגן, ווייל זי האָט איר נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. זעלטן נאָר האָט געטראָפן, אַז זי האָט זיך געזעצט נעבן דער שוועסטער, האָט געגלעט אירע האָר און האָט געפרעגט, ווי שפּעט ס'איז. די ייננגערע שוועסטער האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, האָט שטיל געוויינט, און איר יונגער קערפּער האָט געציטערט אונטער דער שוועסטערס האַנט. פעליע איז אויפגעשטאַנען צערודערט, דאָס האַרץ אירס איז אומרוהיג געוואָרן, עפּעס האָט אָנגעהויבן צו נאָגן. און זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם קליינעם פלעשעלע.

„צי איז שוין געקומען די צייט?" — האָט זי זיך געפרעגט אין אַזאַ אויפגערעגטן מאָמענט. נאָר בײַ דעם געדאַנק אַליין איז איר האַרץ געוואָרן צוריק רוהיג, אַלץ אַרום איר פאַרשטענדליך און נאַטירליך, און צייטנווייז איז פאַרשוואונדן די גרענעץ צווישן פרייד און לייד.

די איינוואוינער פון אַ זומער־וואוינונג, נעבן אַמאַרלאָ, פֿאַר־זאַמלענדיג זיך פֿאַרנאַכט בײַ דער סטאַנציע, האָבן טאָג טעגליך געזעהן שפּאַצירן אַ פֿרויען־געשטאַלט, פֿון וועלכער מען האָט ניט נעקאָנט אָפּרייסן די אויגן. זי איז געווען שלאַנק, בלאַס אויפֿן פּנים און ניט מער יונג, נאָר האָט אויסגעזעהן צו האַלטן זיך שטאָלץ. געגאַנגען איז זי אַרויף און אַראָפּ פּאַמעליך, די הענט זיינען געווען אַראָפּגעלאָזן גלייך, די אַראָפּגעלאָזטע לעפֿלאַך האָבן זיך פֿון צייט צו צייט אויפגעהויבן, און דעמאָלט האָבן אַרויס־געקוקט פֿאַרטרויערטע, נאָר שאַרפע אויגן, וואָס האָבן געדערט אויף אַ שפּראַך, וועלכע קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען. דאָס איז געווען פֿעליע, זי האָט זיך געפֿילט אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט נייגיריגע בליקן, האָט געהערט, ווי מען מורמלט זיך עפּעס וועגן איר, און האָט געהאַט פֿאַרדראָס, וואָס זי האָט זיך געלאָזט איינרייסן פֿון דער שוועסטער אַרויסצופֿאָרן אויף אַ זומערוואוינונג.

„צו וואָס, צו וואָס האָט דאָס געהערט״? — האָט זי געטראַכט אויפגעערעגט.

דאָס יונגע לעבן, וואָס האָט געווימלט אַרום איר, דער שטענ־דיגער פֿלירט, דער פֿרייליכער געלעכטער, דאָס לויפֿן און זינגען, די אַלע יונגע קאָמפּאַניעס, מיט וועלכע אויך איר שוועסטער האָט פֿאַרבראַכט — אַלץ דאָס איז איר געווען דערווידער, האָבן זי נעערגערט, און זי האָט זיך נאָך מער פֿאַרטיפֿט אין איר אייביגן געראַנק וועגן טויט. און טראַכטנדיג אַזוי, האָט זי טיילמאָל גע־קוקט מיט שטאָלץ אַרום זיך, שטאָלץ מיט איר פֿאַרשלאָסן האַרץ, מיט אירע ליידן, וואָס זי האָט פֿאַר קיינעם, פֿאַר קיינעם ניט אַרויסגעזאָגט, שטאָלץ מיט איר מיידלשאַפֿט, וואָס איז פֿאַר־בליבן בײַ איר, ווי אַ פֿאַרוועלקטע הייליגע בלום. נאָר די לינדע אָוונטן, דער נערוויטלטער הימל, דאָס פֿאַרבן־שפּיל אויף מערב־זייט, די ביסלעכווייז צופֿאַלנדיגע פֿינסטערקייט, — האָט זי ניט נעקאָנט מער פֿאַרטראָגן. זיי האָבן מאָדנע געריצט דאָס האַרץ, געוועקט די אַלטע שוין פֿאַרגעסענע בייִנקשאַפֿט, און צוריק־גייענדיג אַהיים, האָט זי יעדעס מאָל געטראַכט וועגן דעם פּלעשעלע.

נאָך איינעם אַזאַ אָוונט איז זי געקומען אַהיים און האָט גע־טראָפן איר שוועסטער אַ פאַרוויינטע. זי איז געזעסן אויפן בעט, אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויף דער אָנלען פון בעט, און אַז פעליע איז אַריינגעקומען, האָט זי באַהאַלטן דעם קאָפּ צווישן די הענט. די דאָזיגע פּאָזע האָט פעליען דערמאָנט אָן אירע אייגענע דורכגעלעבטע יאָרן. אַמאָל, ווען זי פלעגט קומען אַהיים באַליידיגט, און דאָס האַרץ, האָט זיך געדוכט, קאָן מער ניט איבערטראָגן דאָס גרויסע ביטערע געפיל, דעמאָלט פלעגט זי אָט פּונקט אַזוי זיצן, וויינען און טראַכטן שעהן לאַנג.

„ווי זי מוטשעט זיך איצט!" — האָט זי געטראַכט וועגן דער שוועסטער, און איר איז דאָס ערשטע מאָל איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף זי טרייסטן. זי האָט זיך געזעצט נעבן איר און גענומען, ווי געוויינליך, גלעטן אירע האָר:

— ווייַן נישט, אַננאַ, וויין נישט...

די ייִנגערע שוועסטער האָט זיך נאָך מער פאַרכליפּעט, אירע אַקסלען האָבן געציטערט, און מיט אַמאָל האָט זי זיך אומגעקערט צו איר שוועסטער, האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, באַהאַלטנדיג דעם קאָפּ אויף איר ברוסט.

— איך קאָן נישט מער, שוועסטער, איך קאָן נישט, איך וועל ליבער שטאַרבן, איך וויל נישט אַזאַ לעבן — האָט זי גע־זאָגט מיט אַ קאַפּריזנעם טאָן.

— איך פאַרשטיי, קינד, — האָט פעליע געגערעדט שטיל, איך פאַרשטיי אַלץ. איך האָב דאָס אַלץ דורכגעלעבט, לאַנג, שוין לאַנג, און דו זעהסט דאָך — איך לעב...

זי איז אָנטשוויגן געוואָרן, דערשראָקן פון אירע אייגענע ווערטער, וואָס האָבן עפּעס אַזוי מאָרנע געקלונגען. און אַננאַ, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט איר שוועסטער ריידן אין אַזאַ טאָן, האָט אויפגעהויבן נייגעריג דעם קאָפּ, און איר בליק האָט שטום געבעטן איר שוועסטער, זי זאָל ווייטער ריידן.

— דו האָסט קיין באַגריף נישט, שוועסטער, וואָס אַ מענש קאָן זיך אָנליירן אויף דער וועלט, וואָס דאָס הייסט ליב האָבן און גענאַרט זיין און באַליידיגט. אַז איך האָב דאָס ערשטע מאָל ליב געהאַט, האָב איך געפילט אַזאַ גליק, אַז מיר האָט זיך

געדוכט, איך וועל עס נישט איבערטראָגן; און דאָס צווייטע מאָל איז שוין מיין גליק געווען געמישט מיט פאַרדראָס; דאָס דריטע מאָל — האָב איך געוויינט און געבייִנקט, געבייִנקט און געוויינט. און דאָס פערטע מאָל — איז געווען נאָך ערגער, אַלץ ערגער און ערגער.

זי האָט אָפּגעהאַקט, פילנדיק זיך באַליידיקט פון אירע אייגענע ווערטער, זי האָט אַרומגענומען די שוועסטער און האָט שטיל געבעטן:

— נו, דערציייל, דערציייל...

פעליע האָט געוואָלט דערציילן איר לעצטע געשיכטע, וועלכע האָט איר אויסגעזעהן אַזוי וויכטיג, אַזוי שרעקליך און גרויזאַם, נאָר זי האָט אָפּגעהאַקט באַ די ערשטע ווערטער:

— ניין, ניין... איך וועל נישט דערציילן. דו וועסט דאָס ניט פאַרשטיין.

נאָר אַננאַ איז צוגעשטאַנען צו איר און האָט געבעטן:

— דערציייל, איך בעט דיך, איך פאַרשטיי אַלצדינג, ווייס דער טייוול, וואָס זיי טראַכטן וועגן אונז...

די ראָזיגע ווערטער האָבן פעליען טיף באַליידיגט. זי האָט געוואָלט איבערצייגן די שוועסטער, אַז זי האָט אַ טעות, אַז איר אומגליק איז געווען גאָר אַנדערש און אַז ליב געהאַט האָט זי אויך גאָר אַנדערש, און האָט גענומען ווייטער דערציילן. נאָר וואָס מער זי האָט דערציילט, אַלץ אומבאַרייטנדיגער איז דאָס דער־ציילטע אַרויסגעקומען. ס'איז ענליך געווען, ווי איינער זינקט אין אַ בלאָטע, און וואָס מער ער וויל זיך אַרויסראַטעווען, אַלץ טיפער ווערט ער פאַרפאַלן.

— פאַרשטייסטו, דאָס איז געווען ניט אַזוי. מיר זיינען גע־גאַנגען שפּאַצירן, דערנאָך האָט ער מיך באַגלייט אַהיים. מיר זיינען געפאָרן אין אַ דראָזשקע, און פּלוצלינג האָט ער מיך אַרומגענומען און געקושט, איך האָב מיך שרעקליך דערשראָקן...

„דאָס איז נאַריש, באַנאַל", האָט זי געטראַכט, „נישט דאָס וויל איך זאָגן"... און האָט דערציילט ווייטער.

איר האַרץ איז פוסט געוואָרן, זי האָט זיך דערפילט דער־שלאָגן און צעבראָכן, פּלוצלינג האָט אַ ווילדער העפטיגער וויטאָג

געפרעסט איר האַרץ. אירע אויגן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג שוין נישט געקענט קיין טרערן, זיינען מיט אַמאָל פייכט געוואָרן, און זי האָט געוויינט פאַר דער שוועסטער, געוויינט לאַנג און ביטער, און די טרערן האָבן איר נישט לייכטער געמאַכט, נאָר האָבן זיך געלעגט, ווי שווערע שטיינער, אויף איר האַרצן.

אין דערפריה, ווען אַננאַ איז אויפגעשטאַנען, האָט זי גע־פונען די שוועסטער טויט, דאָס פלעשעלע איז געווען אויסגע־טרונקען, און אויפן טיש איז געלעגן אַ צעטל, אין וועלכן עס זיינען געשטאַנען פאָלגנדיגע ווערטער:

„איך שטאַרב, שוועסטער. אייגנטליך, בין איך שוין לאַנג געשטאָרבן. בלייב געזונט. אויב דיר וועט אויסקומען צו ליידן אַזוי פיל, ווי מיר, דערצייל קיינעם נישט פון דיינע ליידן. היט זיי אין דיין האַרצן, זאָלן זיי זיין פאַרבאָרגן און הייליג, און שווייג, שוועסטער, שווייג!“...

## I.

די צייט גייט אָהן אויפהער, און די טעג אַנטלויפן און פאַרשווינדן איינער נאָכן אַנדערן, איינער נאָכן אַנדערן... קוים האָט מען אויפגעהערט צו ציילן ספירה, מען האָט אָפּגעהאַלטן שבועות, האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די תעניתים: די דריי וואָכן, די נײַן טעג; און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, און שוין הויבט זיך אָן אלול! די טעג ווערן אַלץ קירצער און קירצער, קאַלטע ווינטן בלאָזן, אַ טונקעלער נעפּל באַדעקט די ערד אין דערפריה און פאַרנאַכט, אַ ציטער גייט דורך דער נשמה בשעת דער שופר לאָזט זיך הערן; וואו דו גייסט און וואו דו שטייסט, הערט מען זיפצן, — עס דוכט זיך עפּעס, די גאַנצע וועלט האָט איין גרויסע שווערע זאָרג אויפן האַרצן און זיפצט און ציטערט...

דער דרייצן־יאָריגער שלמה גייט אַרום פאַרטראַכט, פאַר־זאָרגט, פול שווערע געדאַנקען. זיין גרויסער קאָפּ ליגט אים קיינמאָל נישט גלייך אויף די אַקסלען: איצט גייט ער נאָך איינגעבויגענער, מיט פוילע טריט; די אויגן בלאָנדזשען, די קאַפּאָטע איז נישט צוגעקנעפּלט, דאָס היטל אויף אַ זייט — נישט ער ענטפערט גלייך, וואָס מען פרעגט אים, נישט ער רעדט, ווי אַ מענש...

אַלץ אָפטער הערט ער אין דערהיים די טענות און זידלערייען, צו וועלכע ער איז שוין לאַנג געוויינט:

— זעהט נאָר, ווי ד אָ ס גייט! באַגעגנט אים זיין מוטער, ווען ער קומט אַהיים פון חדר: ער ווייסט דאָך פון זיינע הענט און פיס נישט צו זאָגן! נאָך ד אָ ס האָט מיר צוגעפּעלט צו מיינע צרות!..

שלמהן איז דער מאָנאָלאָג לאַנג שוין באַקאַנט, ער קען אים כּמעט אויסנווייניק, און ער פילט נאָר אַ פּוסטקייט און לאַנגווייליקייט, בשעת ער הערט אים. ער גייט איבערן צימער, פון טיש צום קאָמאָד, נעמט אין האַנט פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע זיינען אים אַזוי גוט באַקאַנט, ווי זיין מוטערס מאָנאָלאָג, ער באַטראַכט זיי כּלומרשט פון דאָס נייַ, אַבי נישט צו הערן דאָס זידלערייַ פון דער מאַמען. ער ווייסט שוין פאָראויס, אַז צום סוף וועט זי אויפהערן און וועט זיך אָנהויבן צו קלאָגן אויף איר קאָפּ־ווייטאָג.

דערנאָך קומט דער טאַטע אַהיים און הויבט אָן אויסצו־פרעגן שלמהן, וואו ער איז געווען היינט, וואו ער האָט געדאַווענט, מיט וועמען ער האָט געדאַוונט, מיט וועמען ער האָט גערעדט און מיט וועמען ער איז געגאַנגען. שלמה ענטפערט מיט ליגנס, איינער גרעסער פאַר דעם אַנדערן, און האָט עפּעס ווי אַ הנאה דערפון, וואָס ער קאָן אַלע אַזוי פיין אָפּנאַרן. און אים — קיינער נישט. אָהאָ, אים וועט מען באַ קיין ליגן נישט כאַפּן!

און דער חדר ברייִנגט אים נאָר אַרויס פון געדולד. שלמה איז אַ יינגל מיט אַ גוטן קאָפּ. אַלע ווייסן, אַז ער איז אַן „עלוי", און פונדעסטוועגן — עס זאָל עמיצער אַמאָל דאָס לויבן און זאָגן: „שלמה, דו ביסט אַ גוט יינגל, אַ גוטער קאָפּ, קאָנסט וואויל לערנען". פאַרקערט: אַלע האָבן נאָך צו אים טענות, אַז ער וויל נישט לערנען. . . דעם שעור פלעגט ער נאָך זונטאָג ווייסן, און דעריבער האָט ער די גאַנצע וואָך נישט געהאַט וואָס צו טון. זיצט ער און קוקט אויף די ווייזערס, וואָס רירן זיך אַזוי פּאַמעליך, אָדער — ווען די זון שיינט — באַטראַכט ער די העלע שיין, וואָס רוקט זיך פון איין גמרא צו דער אַנדערער, פון איין יינגל אויף דעם אַנדערן. נישט זעלטן גייט ער אַרויס אָהן צו פרעגן דעם רבין. ער, דער רבי, און אַלע זיינע חברים זיינען שוין צוגע־וווינט דערצו נאָך דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אָנהויב זומער.

געבליבן איז שלמה אין חדר נישט דערפאַר, ווייל ער דאַרף נאָך צו לערנען באַ דעם דאָזיגן רבין — דאָס ווייסט ער גאַנץ גוט — נאָר ווייל דער רבי האָט זיך אָנגעבעטן באַ זיין טאַטן,

ער זאָל אים לאָזן. צוליב שלמהן האָט ר׳ יחיאל, דער מלמד, באַקומען נייע תּלמידים. פאַר זיי דאָס האָט ער זיך געוואָלט גרויס מאַכן:

— איך קאָן אַרויסגיין, וויפיל מאָל איך וויל, האָט ער זיך באַרימט פאַר אַ ייִנגל.

— און דריי מאָל קאָנסטו אַרויסגיין? ע, דער רבי וועט דיך נישט לאָזן, האָט דאָס ייִנגל געענטפערט.

— איך קאָן, איך וועל דיר ווייזן.

— און פיר מאָל וועסטו נישט קאָנען!

— פינף מאָל, היינט גיי איך אַרויס פינף מאָל, וועסט זעהן! — האָט שלמה געענטפערט.

די אויגן זיינע האָבן געבלישטשעט, און אויף זיינע דיקע ליפּן האָט געשפּילט אַן אַרט איראָניע און אַנטשלאָסנקייט, וועלכע פלעגן זיך שטענדיג באַווייזן אויף זיינע ליפּן, בשעת ער פלעגט זיך עפּעס איינשפּאַרן.

דאָס איז געווען מאָנטאָג, בשעת מען האָט אָנגעהויבן אַ נייעם שעור, דער רבי איז געווען פאַרטון און פאַרטיפט, ער האָט געבלעטערט די גמראָ, געשפּרונגען פון מהרש״א צו דער גמראָ און צוריק צום מהרש״א. שלמה איז איין מאָל אַרויס־געגאַנגען פון באַנק. געשטעלט זיך פאַרן רבין מיט אַן אומ־שולדיגער מינע און געבעטן אַ ערלויבעניש אַרויסצוגיין. ער איז אַריין און אַרויס אַזוי דריי מאָל, און צום פערטן מאָל האָט זיך דער רבי אויפגעכאַפּט מיט כּעס און געשריען:

— וואָס לויפט ער עפּעס היינט ווי משוגע? קראַנק ביסטו אָדער עפּעס אַן אַנדער שוואַרץ יאָר!

— רבי, איך קען שוין דעם שעור, האָט שלמה געענטפערט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געקראַצט זיך אין קאָפּ.

— בעל־גאוה דו איינער! — האָט דער רבי געשריען; גיי אויף דיין אָרט!

נאָר שלמה איז געווען פעסט באַ זיך. דאָס איז געווען איינע פון יענע מינוטן, ווען שלמהס יוגנט פלעגט זיך ווי באַפרייען פון אונטער עפּעס אַ שווערן דרוק; די מרה־שחורה זיינע איז

איננאַנצן אָפּגעטרעטן, אַ גאַנצן שטראָם פּריש לעבן פּלעגט ער אין זיך פילן אין אַזעלכע מאָמענטן.

— איך קען דעם שעור אויסנווייניג; אדרבה, זאָל דער רבי אויסהערן! — האָט ער געטענעט.

דער רבי האָט נאָכגעגעבן. און שלמה האָט אָנגעהויבן צו זאָגן דעם שעור מיט אַ געהויבענעם מוט, באַגייסטערט. ער האָט געמאַכט מיט די הענט. דער רבי האָט זיך איינגעהערט, די תּלמידים האָבן פון אים נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג, אַפילו די רביצין האָט זיך באַוויזן אין טיר און האָט זיך צוגעהערט. אין מיטן אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף נאָך איין מאָל אַרויסגיין און ער האָט איבערגעהאַקט און געזאָגט:

— איך וויל אַרויסגיין...

און איז אַרויסגעגאַנגען.

און פון יענער צייט האָט זיך אַ מאָדנע באַציהונג איינגעשטעלט צווישן רבין און זיין תּלמיד. דער רבי האָט אים געלאָזט טון, וואָס ער האָט געוואָלט, נאָר זיין בליק אויף שלמהן איז געווען פול באַהאַלטענער צאָרן. ווי דער רבי, אַזוי אויך שלמהס חברים האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ באַהאַלטענעם שונא. קיינער פּלעגט זיך מיט אים נישט חברן.

און אָט אין די לאַנגע שטונדן, וואָס האָבן זיך געצויגן אַזוי פויל און אומעטיג, ווי אַ הערבסט־נאַכט פאַר דעם, וואָס שטייט אויף דער וואַך, פּלעגן אין מח פון דעם ייִנגל זיך טראָגן שווערע געדאַנקען, געדאַנקען, וואָס האָבן געדריקט און געפּרעסט זיין יונגע נשמה. ווייסן ווייסט ער און געדיינקט, אַז אויף דער וועלט איז ער באַשאַפן געוואָרן נאָר צו דינען דעם אויבערשטן: אַז די תּורה, אָט די זעלבע תּורה, וואָס ער וויל נישט לערנען, איז פול מיט סודות, רמזים און שמות הקדושים, און אַז ער, שלמה, גייט נישט בדרך־הישר...

און אָפט מאָל, ווען אַזעלכע געדאַנקען קוועלן אים גאָר צו שטאַרק, ווען ער דערמאָנט זיך אָן אַלע עבֵרות, וואָס ער האָט געטאָן די לעצטע טעג, נאָכדעם ווי ער האָט דאָס לעצטע מאָל אויף זיך גענומען תּשובה צו טון; ווען ער דערמאָנט זיך וועגן דעם גנבענען געלט באַם טאַטן אין שטוב; אָן זיינע ליגנס,

אַז נעכטן האָט ער קיין מנחה נישט געדאַוונט — דאַן גייט ער אַרויס פון חדר, קלעטערט אַריבער דעם פּאַרקאַן, פּאַרקאַטשעט די קאַפּאָטע אָן אַ זייט און לאָזט זיך גאַלאָפּ איבער דער לאָנקע, וואָס ציהט זיך עט ביז צום טייך. די פלינקע פיסלאַך זיינע, די באַוועגונג פון קערפּער און דאָס לייכטע ווינטל, וואָס בלאָזט אין זיינע אויערן און גלעט זיינע באַקן; דאָס גראָז, די בוימלאַך, וואָס טאַנצן פאַר אים פאַרביי שנעל — דערמונטערן אים, שלאָגן אים אַרויס פון קאָפּ די שווערע געדאַנקען און זעצן ווי אַ נייע נשמה אין אים אַריין.

— הוראַ! — שרייט ער אויס און וואַרפט זיך אַנידער אויף דער ערד.

ער האָט אויך אַן איינציגן חבר צווישן די חדר־יינגלאַך — דורל הייסט ער. דאָס איז אַ שוואַך, קרייענקליך יינגל, שטענדיג איז ער פאַרקילט און הוסט, און דעריבער גייט ער שטענדיג פאַרבונדן דעם האַלז מיט אַ רויטער פאַטשיילע. די דאָזיגע פאַטשיילע מיט איר איין עק, וואָס קריכט שטענדיג אַרויס פון הינטערן קאָלנער, גיט דעם יינגל אַ חנעוודיג אויסזעהן, פּונקט ווי די קרייענקליכע רויטקייט, וואָס שפּילט אויף זיינע באַקן. ער האָט גרויסע בלויע אויגן, אונטער זיי שוואַרצע פּאַסן, בלאַסע ליפּן און מאָגערע הענטלאַך און פיסלאַך. ריידן רעדט ער מיט אַ ציטעריגער שטים, און עס דוכט זיך דערביי, אַז עס פּישטשעט אַ קראַנק פויגעלע.

— קום, מיר וועלן אַרויסגיין, רוימט שלמה איין זיין חבר אין מיטן לערנען.

— דער רבי וועט נישט לאָזן, — ענטפערט דורל.

— ער וועט לאָזן, גיי און פרעג, נאַר...

דורל גייט אַרויס, און שלמה נאָך אים.

— נו, קלעטער אַרויף אויפן פּאַרקאַן! קאָמאַנדעוועט שלמה.

דורל שטייט אויפן אָרט, גלאָצט אויס זיינע גרויסע אויגן אויפן פּאַרקאַן און האָט מורא זיך איינצושטעלן.

— ניין, בעט ער זיך, לאָמיר צוריקגיין אין חדר!

— נאַ דיר פינף קאָפּעקעס, וועסט דיר קויפן קיכלאַך בּאַ יוחנן דעם שיינקער! — רעדט אים שלמה איין.

די מטבע ווירקט, דודל קלעטערט מיט זיינע דאַרע פיסלאַך און הענטלאַך אויפן פּאַרקאַן, לאָזט זיך אַראָפּ פון דער אַנדערער זייט און הוסט.

— נו, יאָג מיך, קאָמאַנדעוועט שלמה ווידער.

און אַז דודל איז שוין גוט פאַרמאַטערט און הוסט אָהן אויפהער, זעצן זיי זיך בײדע אויפן גראָז שמועסן.

— ווייסט, זאָגט שלמה, איך האָב אַ סך, אַ סך עברות. איצט בין איך נאָך נישט בר־מצוה. וואָס שאַדט מיר דאָס, אַז איך האָב עברות? סיי ווי סיי ווערן זיי נאָך נישט גערעכנט. אמת?

— אמת, ענטפערט דודל.

— אַ סך עברות האָב איך, רעדט שלמה ווייטער, אָ, אַזאַ גרויסן באַרג עברות!

דודל פאַרקלערט זיך און זאָגט:

— איך האָב נאָך מער.

— ע, איך האָב מער.

און די יינגלאַך הויבן זיך אָן צו רימען איינער פאַר דעם אַנדערן מיט עברות. שלמהס פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך, און ער טראַכט אויס אַזעלכע שווערע עברות, אַז דודל ווערט גאָר בטל.

— וואָס הוסט דו אַזוי פיל? פרעגט אים שלמה, ווייסט, קאָנסט נאָך חס וחלילה שטאַרבן?..

דודל ווערט ברוגז און וויל שוין גיין.

— ניין, דודל, זאָל איך אַזוי לעבן, איך האָב דיך נישט געשאָלטן, נאָר גלאַט אַזוי געזאָגט. נאַ דיר נאָך פינף קאָפּעקעס — די לעצטע, נאַ, נעם! און ער שטעקט אים די מטבע אין האַנט אַריין.

און נאָך איין מענש איז פאַראַן אויף דער וועלט, וואָס שלמה אַכטעט אים און סימפּאַטיזירט. דאָס איז זיין באָבע, דער מאַמעס מאַמע, וועלכע וואוינט בײַ זיי אין שטוב. זי איז אַ רוהיגע, גוטיגע און שווייגנדיגע אַלטע. שלמה טראַכט זיך, אַז בײַ זיי אין שטוב זיינען דאָ נאָר צוויי קלוגע מענשן: ער און די באָבע. דוכטן דוכט זיך, אַז זי ווייסט גאָרנישט, שטענדיג איז זי אין כעס, עפּעס ברוגז און שרייט גלאַט אין דער וועלט אַריין. זי אַליין פרעגלט די קאָטלעטן און שרייט דערנאָך אויף דער דינסט, אַז זי האָט זיי איבערגעפּירט; זי זוכט אַרום די שליסעלאַך אין אַלע

ווינקלען, קערט אום די שטוב און שרייט און געוואַלדעוועט, און דערנאָך דערמאָנט זי זיך, אַז זי האָט זיי אַליין ערגעץ פאַרגעסן. „דער טאַטע איז גלאַט קיין גרויסער חכם ניט — טראַכט שלמה — אים קאָן איך נאַרן צען מאָל אַ טאָג". נאָר עפּעס אַנדערש איז מיט דער באָבע. רוכטן דוכט זיך, אַז זי ווייסט גאָרנישט און איר אַרט גאָרנישט: זי זיצט באַם פענסטער, שטריקט אַ זאָק, שטריקט און שטריקט, און דאָך זעהט זי אַלץ, אַז דער טאַטע פאַרגעסט צו צושליסן דעם שופלאָד מיט געלט, קוקט זי אַזוי שטומערהייט אָן שלמהן, און ער פילט באַלד, אַז זי ווייסט זיינע מחשבות. שטיל, גאָרנישט גערעדט גייט זי צו, פאַרשליסט דעם שופלאָד און באַהאַלט דאָס שליסעלע באַ זיך.

אַמאָל שבת, האָט זיך שלמה דערוואוסט, וואו דאָס שליסעלע ליגט. און ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָט ער געעפנט דעם שופלאָד און אָנגעהויבן צו שאַרן צווישן די מטבעות. ווען ווילט דאָס איינפאַלן, אַז ער וועט באַגיין אַזאַ גרויסע עבירה? די באָבע דאָך האָט אים דערין חושד געווען. זי איז פּלוצלינג אַריינגעקומען אין שטוב, שלמה איז דערשראָקן געוואָרן און נישט געוואוסט וואָס צו טון. נאָר די באָבע אַליין האָט זיך עקסטרע אומגעקערט און געלאָזט אים דערווייל אַוועקגיין אָן אַ זייט. האָט צוגעשלאָסן דעם שופלאָד און האָט קיינעם אַ וואָרט נישט דערציילט. אַפילו אים האָט זי גאָרנישט דערמאָנט. „אָט דאָס — טראַכט שלמה — געפעלט מיר. זי קען מיך און איך — זי, און גאָרנישט". און דאַנקבאַרקייט פילט ער צו דער אַלטער, וואָס האָט אים נישט פיינט, כאָטש ער איז אַזאַ זינדיגער, כאָטש ער איז אַזוי פאַרדאָרבן...

## II.

אין חודש אלול ווערט שלמה אַלט דרייצען יאָר. און די איינציגע טרייסט, וואָס ער האָט געהאַט אויף אַלע זיינע שווערע זינד, איז איצט שוין פאַרשוואונדן. נאָך עטליכע טעג וועט ער זיין בר־מצוה, אין הימל וועט מען אים רעכענען זיינע עבירות. און ווי נאָר אלול האָט זיך אָנגעהויבן, און דער שופר האָט זיך געלאָזט הערן אין די גאַסן, איז שלמה באַ זיך געפאַלן און דאָס

האַרץ האָט אָנגעהויבן אמתדיג שוין צו קלעמען. אַ שרעק האָט אים דורכגענומען, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פון היינט אָן הערן אויף אַלע אויסריידן, אַז זיינע זינד זיינען אמתע זינד, פונקט ווי פון אַ דערוואַקסענעם מענשן.

ווי אַזוי וועט ער קאָנען בײַשטיין קענן דעם יצר־הרע? דער יצר־הרע איז אַזוי שטאַרק, האָט אַזאַ שליטה אויף אים. רעדט ער אים אָן עפּעס צו טון, האָט ער קיין כּח נישט זיך אַנטקעגן צו שטעלן. וואָס וועט דאָס זיין. רבונו של עולם?

די דאָזיגע געדאַנקען האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט בײַטאָג און בײַנאַכט. נאָך פּאַרטאָג האָט דער סקריפּ פון טיר אים אויפגעוועקט פון שלאָף. פון ערשטן טאָג אלול האָט זיך זיין טאַטע גענומען זעהר צו עבודת הבורא און שטייט אויף יעדן פּאַרטאָג צו לערנען זוהר. שלמה דערוואַכט אין מיטן אַ פאַרוויקלטן חלום. נאָך טראָגט זיך דער חלום אין אַ ווינקעלע פון זיין קאָפּ, ווי אַ נעפּל, וואָס צערינט און פאַרשווינדט. ער דרייט זיך איבער אויף אַ זייט. ער איז פול אויפצושטיין צו דינען גאָט, און פאַרשלאָפעגערהייט פילט ער, ווי שוואַך ער איז מלחמה צו האַלטן מיט דער תאוה. אין צימער ווערט ליכטיג. אויפן פענסטער ליגט נאָך די שוואַרצע נאַכט; עפּעס רוכט זיך, אַז אין דרויסן רוישן די בוימער פאַרציטערט און פאַרזאָרגט. באַלד הויבט דער טאַטע אָן צו לערנען זוהר, און זיין פרומער קול דרינגט אַריין טיף, טיף אין דעם יינגלס נשמה. ער דרימלט איין, און דער טרויעריגער נגון גייט אַלץ ווייטער און ווייטער און רוכט זיך צו זיין עפּעס גאָרנישט פון דער וועלט... ער שלאָפט ווידער איין.

ערשט ווען דער פאָטער וועקט אים, שטופּט אים און שרייט, דערוואַכט ער, און קוים האָט ער נאָר די אויגן געעפנט, באַקומט ער באַלד אַ לעקציע פון פאָטער:

— ווי לאַנג איז דער שיער?! ביסט דאָך שוין אַ בר־מצוה־יונג! ווי שעמסט דו דיך נישט?

אין דרויסן איז אַ נעפּל. די זון האָט אים נאָך נישט אינגאַנצן פאַריאָגט. פון פענסטער זעהט זיך דער בוים, וואָס איז האַלב פאַרנעפּלט, און אויף דער אַנדערער זייט שפּיגלען זיך שוין אָפּ די שטראַלן פון דער פרישער זון. אינם בעטגעוואַנט איז אַ

מחיהריגע וואַרעמקייט, וואָס צעגייט זיך אין אַלע אברים... דער יצר הרע רעדט אָן נאָך אַביסל צו שלאָפן, נאָר דער טאַטע וועקט. און ער הויבט זיך אויף.

דערנאָך הויבט זיך אָן דער לאַנגער טאָג, דאָס לאַנגווײַלן זיך אין חדר.

און פאַרנאַכט, ווען ער גייט פון חדר אין קלויז אַרײַן דאַווענען מנחה, דרייט ער זיך דערווײַל אַביסל אַרום אין פירעקעדיגן מאַרק און שפּאַצירט זיך פּאַמעליך. דעמאָלט, ווען די זון גייט אונטער, באַקומט דער מאַרק גאָר אַן אַנדער אויסזעהן. שלמה האָט ליב צו קוקן דעמאָלט אויף דעם טורעם פון מאַגיסטראַט און אויפן זייגער, ווען זיי גלאַנצן, מיט גינגאָלד באַדעקט. די שנײַדער־יונגען גייען פון דער אַרבעט און פייפן עפּעס מאָדנע נגונים; רינסט־מיידלאַך טראָגן וואַסער פון דער פּלומפּ, און די יונגען פאַרטשעפּען זיי... ס׳ווערט טונקעלער, די לעצטע שטראַלן פאַר־שווינדן; אַ נעפּל טראָגט זיך דאָרט ווייט אויף די פעלדער. אויף מערב זייט איז דער הימל קרייַנקליך רויט. מוראָדיג פאַרזאָרגט. די פינסטערניש קומט אָן. פון בעקערס דאַך קייקלט זיך אַ שוואַרצער רויך און לאָזט זיך אַראָפּ אין מאַרק אַרײַן, טויבן שפּרינגען פון איין אָרט צום אַנדערן און בויגן איין די קעפּלאַך, כאַפּנדיג עפּעס אַ קערנדל. און אַז מען גייט נעהענטער צו צו זיי, שפּרייטן זיי באַלד אויס די פליגלען און ווערן פאַרשוואונדן אין דעם רויך און דער טונקלקייט. אַ שווערע זאָרג קוועלט דאָס האַרץ. אויפן הימל איז אַ שרעק צו קוקן... גערויטלטע וואָלקנ־דלאַך שלעפּן זיך פּאַמעליך... אויף מזרח־זייט האָט זיך שוין אָנגעצונדן אַ שטערן און פינקלט ציטערנדיגערהייט...

„ווידער האָב איך היינט פאַרגעסן צו דאַווענען מנחה“, דער־מאָנט זיך שלמה פּלוצלינג, „וואָס וועט דאָס זיין“?

פאַרשיידענע זאַכן פאַרווילט זיך אים אויף איין מאָל: גיין אין קלויז אַרײַן און פרום דאַווענען, אומקערן זיך צו גאָט, ווידער ווילט זיך אים זעהן דורלען. נאָר ער דערמאָנט זיך, וואָס פאַר אַ שטיקעדיגע לופט עס כאַפּט אים אַרום, ווען ער גייט אַרײַן דאָרט. דאָרט איז אַן אָרימקייט, דאָרט וואוינט די נויט. אַ שרעק איז צו קוקן אויף דעם בעטגעוואַנט, וואָס איז אַזוי שמוציג.

דערמאָנט ער זיך גאָר און גייט אין סאָד אַריין צו שמואל בערן, דער גבאַי פון קלויז, וואָס זיצט דאָרט טאָג און נאַכט.

שמואל־בער איז אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיג, אַן אָרימאַן מיט זעקס קינדערלאַך. ער איז נישט קיין גרויסער למדן און נישט פון די ערשטע חסידים. נאָר ער האָט ליב די תורה און גייט אויס פאַר אַ למדן. אַ גרויסער בעל־דרך־ארץ איז ער און אַ מכנים אורח. שטענדיג איז ער באַגייסטערט, אָדער ער רימט דעם דין פאַר זיין לערנען, אָדער ער וועט אייך אָנדערציילן וואונדער, וואָס פאַר אַ הייליגער איד ר' מאיר איז.

דעם פאָריגן שמחת־תורה, בשעת די הקפות, האָט ער זיך אַזוי צעהיצט און אַזוי געשפרונגען מיט דער ספר־תורה אין דער האַנט, אַז ער האָט עס אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אין קלויז איז געוואָרן אַ שרעקליכער טומל, אַלע זיינען געווען צעמישט, גלייך ווי אַן ערדציטערניש וואָלט פּלוצלינג גענומען איבערקערן די וועלט. שמואל־בער איז באַלד נאָך יום־טוב געפאָרן צום רבין, ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ תשובה. ער האָט פאַרן רבין געוויינט מיט טרערן, נאָר דער רבי האָט אים גאָרנישט באַ־רוהיגט. אין שטאָט האָט מען זיך גערוימט, אַז שמואל־בער וועט דאָס יאָר שטאַרבן. מען האָט אויף אים געקוקט מיט אַ גרויס רחמנות, ווי אויף אַ מענשן, וואָס איז אָפּגעמשפּט צום טויט. ער אַליין האָט גאָר דעם קאָפּ פאַרלאָרן. ער איז נעכט נישט געשלאָפן. אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און דאָס יאָר ענדיגט זיך שוין באַלד, און שמואל־בער האָט זיך אַלץ מער געשראָקן: אָט, אָט טרעפט אים דער טויט! ער האָט זיך אין דערהיים נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען און האָט געדרונגען אַ סאָד. דאָרט איז ער אויך געשלאָפן. צו אים זיינען געקומען לערן־יונגעלייט און בחורים, וואָס שמואל־בער האָט געבעטן קומען, כדי צו שמועסן און אַרויסשלאָגן זיך פון קאָפּ זיין שרעק.

ווען שלמה איז אַריינגעקומען אין סאָד, איז שוין געווען פינסטער. צווישן די צווייגן האָט גערוישט אַ ווינט, דער גאַנצער סאָד האָט שטיל געברומט, פון דער בויד אַרויס האָט געבלישטשעט אַ ליכט. דאָרט איז געזעסן שמואל־בער אַליין, פאַרטראַכט איבער דעם אָפענעם ספר. ער האָט אויסגעזעהן זעהר טרויעריג און

פאַרזאָרגט, און האָט זיך, קענטיג, געפרייט, וואָס שלמה איז געקומען. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען פון אַ קויש אַן עפּל און דערלאַנגט שלמהן:

— נאַ דיר אַן עפּל. נעם, אַ גוטער עפּל, זאָג איך דיר, אַ וואוילער. גאָר, גאָר אַ וואוילער. שעם דיך נישט, אַזאַ יינגל, ווי דו, דאַרף זיך עפּעס צו שעמען?

שלמה האָט גענומען דעם עפּל און איינגעביסן.

— און אַ ברכה? האַ, אַ ברכה? האָסט געמאַכט אַ ברכה?

— געמאַכט, האָט שלמה געענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט געמאַכט הויך, איך זאָל קאָנען ענטפערן אמן? מען זאָל דיר דאַרפן צו זאָגן! דיר! אַי־אַי־אַי! אַזאַ גוטער קאָפּ און וויל נישט לערנען. אַדרבה, זאָג, פאַרוואָס, אַז איך וואָלט געהאַט אַזאַ קאָפּ צום לערנען, וואָלט איך דאָך געזעסן טאָג און נאַכט איבער דער גמרא!

„וואָס ווילן זיי פון מיר האָבן?״, בייזערט זיך שלמה אין געדאַנק, „ווען גייט דאָס אָן מיין גוטער קאָפּ?״

ער ווערט בייז אויף שמואל־בערן און טראַכט, אַז ער וועט נאָך שטאַרבן היינטיגס יאָר.

אַ קליינער בליץ האָט דורכגעריסן די פינסטערניש, די בוימער האָבן זיך געוויזן אויף אַ רגע, און אַ לייכטער דונער האָט זיך געקייקלט פון דערווייטנס.

שמואל־בער האָט זיך געשראָקן:

— אַ גאָס־רעגן וועט גיין, ווייסט, שלמה? דונערן... אָ־אָ! — האָט ער אָפּגעזיפצט.

— אַ גוטע נאַכט! האָט שלמה געזיפצט און געוואָלט שוין גיין אַהיים.

— גיין, זיץ דאָ, וואַרט — האָט שמואל־בער אים איינגעהאַלטן: קיינער איז נישטאָ, וואַרט...

שלמה איז געבליבן.

דאָס געוויטער האָט זיך גערוקט נעהענטער. העלער זיינען געוואָרן די בליצן, שטאַרקער — די דונערן. דער גאַנצער סאָד האָט איצט גערוישט, איינציגע טראָפּן האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן פונם שוואַרצן הימל. שלמה איז געשטאַנען פאַר דעם טירל

פון דער בויך אין דרויסן און האָט געזעהן, ווי שמואל־בער זיצט באַם טיש, שעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּן און קלאַפּט זיך מיט דער האַנט אויפן האַרצן.

„דאָס זאָגט ער ודוי" — האָט זיך שלמה משער געווען.

אומהיימליך איז שלמהן געווען אַזוי צו שטיין, נאָר דער רעגן האָט שוין געגאָסן, און ער האָט געמוזט איבערוואַרטן. דער הימל האָט זיך אַלץ געשפּאָלטן, די דונערן האָבן געקנאַלט, די ערד האָט געציטערט... פּלוצלינג איז אַ העלער בליץ דורכגעפלויגן נאָהענט, און דער דונער האָט באַלד דערנאָך געשלאָגן מיט אַן אומגעהויערער קראַפט. שלמה האָט זיך דערשראָקן, און שמואל־בער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט, אַרויפגעלעגט זיך די האַנט אויף די אויגן און געשריען מיט אַלע כּחות:

— שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד...

געדוכט האָט זיך, אַז ער האָט געוואָלט איבערשרייען דעם דונער, און האָט אַזוי לאַנג געצויגן דעם „אחד", ביז דער דונער האָט אויפגעהערט.

אַ נאַכט פול שרעק איז דאָס געווען פאַר שלמהן, שפּעט איז ער אַהיים געקומען, דעם טאַטן האָט ער אָנדערציילט ליגנס, אַז ער איז געווען אין בית־המדרש; מעריב האָט ער נישט געדאַוונט, שלעכטע חלומות האָבן אים געמוטשעט אין שלאָף.

## III.

גאָר אַן אומגעריכטער צופאַל האָט זיך אַריינגעמישט און נאָך שווערער געמאַכט דאָס געמיט פון דעם קינד.

די באָבע איז קראַנק געוואָרן און געלעגן אין בעט. נישט זי האָט געזיפצט, נישט זי האָט זיך געקלאָגט, אַז איר טוט וויי, און דאָך האָט מען געפילט אין דער לופט פון הויז, אין די בליקן פון טאַטע־מאַמע און גאָר באַזונדערס אין דער קראַנקערס געל פּנים — עפּעס אַ שרעקליכע זאַך. געדוכט האָט זיך, אַז צוקאָפּנס באַ דער קראַנקער שטייט דער מלאך־המות מיטן בלאַנקען שווערד, מיט דעם ביטערן טראָפּן אויפן שפּיץ, און ער היט און ער וואַרט.

די סעודה, וואָס מען האָט געזאָלט מאַכן אין טאָג פון שלמהס בר־מצוה, איז אָפּגעלעגט געוואָרן. דער ראָזיגער טאָג האָט פאַר שלמהן געבראָכט צו זיין אַ גרענעץ צווישן צוויי וועלטן, און ער האָט זיך געשראָקן: „טאָמער, רבונו של עולם, וועט ער ווייטער אויך נישט קאָנען בייקומען דעם יצר־הרע, און אַלץ וועט זיין ווי פריהער?" דערווייל איז דער טאָג דורכגעגאַנגען, ווי אַלע טעג. די זון איז אויפגעגאַנגען און האָט געשיינט, דערנאָך איז דער הימל געוואָרן נעפּלדיג, וואָלקנס האָבן זיך געצויגן, און ווייטער גאָרנישט. מען דאַוונט און מען עסט, און ווידער דאַוונט מען, און מען עסט נאָך אַמאָל. די עלטערן זיינע זיינען פאַרנומען געווען מיט דער קראַנקער און האָבן גאָר פאַרגעסן וועגן זיין בר־מצוה, נישט מען האָט אים מוסר געזאָגט, נישט ער האָט געהערט בייזערן זיך אויף אים — האָט ער זיך אַליין אויך געמאַכט פאַר־געסן. קיין עבירות האָט ער, אמת, היינט נישט געטאָן, נאָר קיין מצוות אויך נישט. ער איז נ י ש ט אַ נ ד ע ר ש געוואָרן, נישט קיין נייַ האַרץ באַקומען...

אין חדר איז ער נישט געגאַנגען, דעם רבין האָט ער געזאָגט, אַז די באָבע איז קראַנק; דאָס איז געווען אַ געזונטער אויסרייד. דער רבי אַליין איז צופרידן געווען נישט צו זעהן אַ ווילדע דעם שווינגנדיגן, פאַרדאָרבענעם תלמיד זיינעם, וואָס האָט אים נאָר באַאומרוהיגט. שלמה איז שוין געווען אין קלויז, אַרומגעשפּאַצירט אויף דער לאָנקע, און לאַנגווייליג איז אים געווען אָהן אַ שיעור.

מיט אומגעדולד האָט ער געוואַרט, דער טאָג זאָל זיך ענדיגן, כּדי שוין צו זעהן זיין חבר רודל. ער האָט אים אָפּגעוואַרט באַם חדר, ווען די קינדער זיינען געגאַנגען אַהיים, און איז גאָר מונטערער געוואָרן, באַגעגנדיג אים:

— ווייסט, רודל? — האָט ער געזאָגט — היינט איז מיין בר־מצוה.

— און פאַרוואָס האָט מען נישט געמאַכט קיין סעודה? — האָט רודל געפרעגט.

— מיין באָבע איז קראַנק. זי האָט אַזאַ געל פּנים! זי וועט שטאַרבן, אַוודאי שטאַרבן, האָט שלמה איינגערוימט זיין חבר.

— מען טאָר אַזוי נישט זאָגן, דו האָסט אַן עבירה...

— ניין! האָט שלמה פּראָטעסטירט: איך האָב נישט קיין עבירה... איך ווייס.

נאָך מנחה אין קלויז האָבן זיך די צוויי יינגלאַך אַרומגע־שפּאַצירט אין מאַרק. אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן. רורל האָט געציטערט.

— איך וועל אַהיים גיין; מיר איז קאַלט... האָט ער געזאָגט. נאָר שלמה האָט אים נישט געלאָזט:

— איך בעט דיך, קום. לאָמיר נאָך אַזוי גיין. זעה נאָר, איך בעט דיך, און דו ווילסט נישט...

נאָר רורלען איז אמת געווען קאַלט. דער פיבער האָט גע־ברענט אים אויף די באַקן, און אים וואָלט זיך איצט געוואָלט אָנלענען זיך מיטן קאָפּ אויף אַ טיש, אַזוי ווי ער פלעגט טון אין חדר.

— מיר איז קאַלט — האָט ער געשטאַמלט — איך וועל אַהיים גיין.

— גיי נישט, גיי נישט, איך וועל דיר געבן צען קאָפּעקעס...

— גיב! — האָט רורל אויסגעשטרעקט די האַנט.

— מאָרגן וועל איך דיר געבן...

— איך וויל נישט מאָרגן! — האָט זיך רורל איינגעעקשנט.

— נו, קום מיט, איך וועל דיר געבן.

די יינגלאַך זיינען צוגעגאַנגען ביז צום הויז, וואו שלמהס עלטערן וואוינען.

— וואַרט דאָ — האָט שלמה געזאָגט — באַלד קום איך צוריק, וועסטו האָבן צען קאָפּעקעס; נאָר זעה, אַנטלויף נאָר נישט, גיב מיר תקיעת־כף.

רורל האָט געגעבן די האַנט, און שלמה איז אַריין אַהיים.

אין דער קיך האָט ער באַגעגנט די מוטער, וואָס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן בייזערן אויף אים:

— ווי אַ שד לויפט ער! די באָבע זיינע איז קראַנק, און ער האַקט מיט דער טיר! פאַרוואָס גייסט דו ניט תהלים זאָגן? וואו ביסטו געווען? אַ שוואַרץ־יאָר טראָגט אים אַרום.

שלמה איז אַריין אויף די שפּיץ־פינגער אין דער צווייטער שטוב, דאָרט איז געלעגן די קראַנקע. די אויגן האָט זי געהאַלטן

פאַרמאַכט. דורך דעם איינעם טאָג האָט זיך איר פּנים שרעקליך פאַרענדערט, עפּעס איז די געמבע געוואָרן דין, שאַרף. עס האָט זיך געהערט איר שווערער איבערגעהאַקטער אָטעם... שלמה איז צוגעגאַנגען צום ווינקל, וואו די קליידער זיינען אויפגעהאַנגען. צווישן זיי האָט ער דערקאָנט זיין באָבעס קלייד און האָט גענומען עס שאָקלען אין דער האַנט. באַלד האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון געלט. פלינק האָט ער אַריינגעשטעקט די האַנט אין טאַש פון קלייד, האָט אַרויסגענומען עטליכע מטבעות און באַהאַלטן.

זיינע גיכע טריט, ווען ער האָט געאיילט צוריקצוגיין צו דורלען, האָבן אויפגעוועקט די אַלטע. זי האָט געעפנט די אויגן און האָט אים גערופן מיט אַ שוואַכער שטים:

— שלמה!

ער האָט זיך געאיילט צו זיין חבר און האָט זיך נישט געוואָלט מאַכן הערן, נאָר די אַלטע האָט נאָך אַמאָל גערופן:

— שלמה, קום נאָר אַהער! שלמה...

ער איז צוגעגאַנגען צום בעט און איז געשטאַנען אומגעדולדיג אויפן אָרט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק.

— היינט איז דיין בר־מצוה, שלמה! איבער מיר האָט מען דיר נישט געמאַכט קיין סעודה, טייער קינד, זיי מיר מוחל...

איר איז שווער געווען צו ריידן; זי האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט, אָנשטרייגנענדיג די כּחות:

— ס׳איז קיין כּח נישטאָ... איך בין קראַנק, שלמה, גאָט זאָל מיר שיקן אַ רפואה. שלמה, בעט גאָט פאַר מיר...

און ווי נאָר די אַלטע האָט אויפגעהערט צו ריידן און די אויגן זיינען איר ווידער צוגעפאַלן, איז שלמה פלינק אַרויס פון שטוב צו זיין חבר.

— נאַ, דאָ האָסטו... אַ סך געלט — צייל... האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערינער שטים.

דורל האָט גענומען דאָס געלט מיט ציטעריגע הענט, ער האָט געקלאַפּט מיט די ציין.

— קאַלט — האָט ער געזיפצט.

— נו, גיי אַהיים — האָט שלמה אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.
— און דאָס געלט?
— נעם דיר, מיין דאַגה...
אַז דער חבר איז אַוועק און פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פינסטערניש, אַז שלמה איז געבליבן אַליין, איינער אַליין מיט דער נייער ע ב י ר ה, וואָס ער האָט געטאָן, די עבירה, וואָס ווערט שוין געשטעלט אין הימל אויף זיין אייגענער רעכענונג — האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום שוואַרצן הימל. קיין שטערן האָט זיך נישט געזעהן, נאָר די לבנה האָט אַרויסגעשיקט אַן אָפּגלאַנץ פון אונטער אַ וואָלקן. ער איז דורך דעם מאַרק, אַריין אין אַ גאַס און אַרויס הינטערן שטאָט, נעבן די קאַזאַרמעס. דאָ — האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָנט — פלעגן אין די הייסע טעג, צווישן טאָג און נאַכט, שטיין אויסמושטירטע שורות זעלנער און זינגען עפּעס מאָרנע, פרעמדע, נאָר האַרטע און שטאַרקע נגונים. פּעסט זיינען געווען זייערע שטימען, ווי זייערע אַקסלען און זייערע פּנימער, און פון דער צווייטער זייט האָט מיטגעזונגען דאָס ווידער־קול. אַנדערע טעג זיינען רעמאָלט געווען און אַן אַנדער הימל. ווי די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז געוואָרן קיל, און די נאַכט איז געווען אַזוי ליבליך, אַזוי פיין... און שלמה האָט זיך גענומען צום האַרצן דאָס, וואָס די צייט גייט אַוועק, און די טעג ווערן קורץ און די נעכט ווערן קאַלט און מוראָדיג...
אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און יעדער מענש מוז אַמאָל שטאַרבן, און ער, שלמה, איז שוין געוואָרן בר־מצוה, און ער איז אַ זינדיגער, אַ פּושע ישראל — אַ גנב.
די לבנה איז אַרויס פון אונטער די וואָלקנס, אַ ווייַלע איז געוואָרן העל, די קאַזאַרמעס האָבן זיך אַרויסגעזעהן, און עפּעס מענשן זיינען געגאַנגען... באַלד אָבער האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שאָטן און האָט אַלץ צוגעדעקט.
נאָך די זעלבע נאַכט האָט שלמה געהערט אין שלאָף עפּעס שרעקליכע קולות. אין חלום איז אים פאָרגעקומען, אַז די וועלט האָט זיך אָנגעצונדן און ברענט, אַלע שרייען, ווילן זיך ראַטעווען, אַלע לויפן און ווייסן נישט וואו... ער האָט זיך אויפגעכאַפּט

פון שלאָף און האָט דערקענט די שטים פון זיין מוטער, געמישט מיט נאָך אַנדערע קולות. דורך דער טיר האָט ער געזעהן ליכט ברענען, און די שטוב איז פול מיט מענשן, וואָס גייען פּאַמעליך... דערנאָך האָט ער געהערט לייענען שטיקלאַך פון מעבר־יבוק, און דערנאָך איז געוואָרן שטיל.

שלמה האָט זיך איינגעוויקלט אין דער דעק און האָט אויך גענומען שלאָגן זיך אויפן האַרצן:

„אָשמנו, בגדנו, גזלנו"...

און אין מיטן דעם ודוי זאָגן איז ער איינגעשלאָפן.

צום מאָרגנס אין דערפריה, אַז ער איז אויפגעשטאַנען, איז די אַלטע שוין געלעגן אויף דער ערד, באַדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך. אין דער שטוב זיינען געזעסן ווייבער און גענייט תכריכים. ס'איז שוין געווען שפּעט, ער האָט געטראַכט צו גיין אין קלויז און נעמען זיך דאַווענען ערנסט; גייענדיג אָבער, האָט זיך אים פאַרוואָלט אַרויס אויף דער לאָנקע, און אַ מאַך טוענדיג מיט דער האַנט אויף אַלץ, האָט ער צו זיך גערעדט:

— אַלץ איינס! סיי ווי סיי וועל איך האָבן דעם גיהנם... פאַרפאַלן...

און צוקומענדיג צו דער לאָנקע, האָט ער פאַרקאַטשעט די קאַפּאָטע און גענומען לויפן מיטן גאַנצן כח, ביז ער איז מיד געוואָרן און אַנידערגעוואָרפן זיך אויף דער ערד.

---

...מיין מיטוואוינער פ י נ ק ע ל מ אַ ן שלאָפט שוין. ערשט אַ מינוט, ווי ער האָט פאַרלאָשן דאָס לעמפל, וואָס שטייט נעבן בעט, און איצט כראַפּעט ער שוין. אַנטשלאָפן געוואָרן איז ער שוין פאַר אַ ווײַלע, נאָר אין מיטן דרימל איז אים דורך אַ געדאַנק דורכן מח, אַז די נאַפט ברענט אויס בחנם, און ער האָט זיך מיט געוואַלד אויפגעריסן פון שלאָף צו פאַרלעשן דאָס לעמפל. איצט ליגט ער אינגאַנצן אין שאָטן: דאָס ליכט פון מײַן טיש דערגרייכט נישט ביז צו דער וואַנט.

שלאָפן שלאָפט ער קיינמאָל נישט רוהיג: כראַפּעט, פאַרקרימט די ליפּן, ציהט מיט די שוואַרצע ברעמען אין שלאָף, — אים מוז זיך אַ סך חלומען. נאָר איצט, דוכט זיך מיר עפּעס, אַז אין כראַפּען זײַנעם ווערן פאַרשלונגען אַ סך זיפצן. און עפּעס, בכלל, איז מיר אַ רחמנות צו קוקן אויף דעם קליינעם, איינגעקאָרטשעטן גוף מיטן בלייכן, ליידנשאַפטליכן פּנים, וואָס שטאַרט אַרויס פון אונטער דער קאָלדרע. ער רירט מיט די ברעמען און רונצלט דעם שטערן. וואָס חלומט זיך אים? פון ווײַב? פון געשטאָרבענעם קינד? אָדער פון אַ גט און אַ נײַע חתונה מ י ט אַ נ ד ר ן?...

עפּעס אַ מאָדנעם אײַנדרוק האָט ער היינט געמאַכט אויף מיר.

דרײַ וואָכן וואוין איך שוין צוזאַמען מיט אים אין איין צימער. אַז איך האָב מיך אַרײַנגעצויגן אין דער דירה און געוואָרן זײַן מיטוואוינער, האָט ער זיך עפּעס אַזוי דערפרייט, אַז ס'איז מיר אַזש אַ וואונדער געווען. מיר האָבן זיך ביז אַהער נישט געקענט. עפּעס האָט ער מיר מיט אַזאַ אַנטציקונג און איילעניש אָנגעוויזן אויף יערן נאָגל, וואו מען קאָן אויפהייגען אַ מלבוש, און דערצו

אַלץ איניינעם אַרויסגעכאַפּט מיר די זאַכן פון די הענט, אַבי מיר צו העלפן, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, איילנדיג און זעהר פאַראינטערעסירט, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָב אים געפרעגט, פאַרוואָס ער איז זיך אַזוי מטריח פאַר מיר?

— לאָזט, לאָזט! ס'שאַרט נישט! — האָט ער אַלץ אין איינעם געחזרט, העלפנדיג מיר קענגן מיין ווילן.

דערצו האָט ער צוגעמאַכט מיט ביידע הענט, צעצויגן די ליפּן און אַרויסגעשטעקט די ציין; די אויגן האָבן געקוקט אַביסל לאַכעדיג און פאָרשנדיג. מיט דעם שמייכל האָט ער מיך אַודאַי געוואָלט פאַרזיכערן, אַז ער באַמיהט זיך אַזוי פיל מיר צו העלפן, ווייל ער איז אַ גאַנץ גוטער בטבע; נאָר אין בליק זיינעם איז, חוץ דעם לאַכעדיגן, געווען נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גע־וואַרט און געוואָלט וויסן, צי ראָס לאַכעדיגע האָט שוין געהאַט אויף מיר די ווירקונג, וואָס ער האָט געוואָלט, און צי ער קאָן שוין צוזאַמענציהען די ליפּן און אויפהערן צו שמייכלען.

— טון אַ טובה, — האָט ער גערערט גאָר אַנטציקט און אונ־טערגעשפּרונגען באַ יעדן וואָרט, — טון אַ טובה — פאַרוואָס נישט? איך האָב זעהר ליב צו טון אַ טובה.

— ראָ, ראָ, מיין ליבער פריינט, היינגט אויף, גיט אַהער! גיט אַהער! — זעהט איר, מיין ליבער פריינט, — האָט ער ווייטער געזאָגט מיט אַביסל אַן ערנסטערער מינע, אַז איך האָב אַרויסגערוקט דעם שופלאָר פון טיש און געוואָלט ראָרט אַריינ־לייגן מיינע העקטאָגראַפישע רוסישע לעקציעס, — זעהט איר, דער שופלאָר איז מיינער. איך האָב מיר אַזוי אויסגערעדט מיטן בעל־הבית, — איר ווילט — פרעגט.

איך האָב שוין צוריק גענומען די פּאַפּירן און געוואָלט זיי אַריינלייגן אין קעסטל מיינעם, נאָר ער האָט זיי מיר אַרויסגע־כאַפּט פון דער האַנט און אַרויסגערוקט זיין שופלאָר.

— זעהט איר, פ אַ ר א י ך, מיין ליבער פריינט, פ אַ ר א י ך... זאָל עס ליגן באַ מיר. איר קענט רוסיש? — האָט ער מיך פלוצלינג געפרעגט, ער האָט דערזעהן, אַז די פּאַפּירן זיינען אָנגעשריבן רוסיש.

— איך קען.

— אַי — אַי, וואויל! זעהט איר! איך לערן מיך רוסיש. איך האָב נישט קיין גוטע אויסשפּראַך, איר וועט ריידן מיט מיר רוסיש? איר וועט מיר צווייזן, מיין ליבער פריינט? אַי — אַי — וואויל! איר וועט מיר צווייזן?

ער האָט ווידער געמאַכט די פריהעריגע מינע: געשמייכלט; נאָר אין זיין בליק איז איצט שוין געווען עפּעס אַ קינדערשע בקשה; ער האָט געבעטן, ווי אַ קינד בעט באַ די עלטערן אַ גראָשן.

נאָך דעם האָט ער שוין ביז היינט זעהר זעלטן גערעדט מיט מיר אידיש. ריידן רעדט ער רוסיש זעהר שלעכט מיט אַ סך גרייזן, און ער וויל אויסנוצן די צייט, וואָס איך פאַרברייננג מיט אים, אויף אויסצובעסערן אים די גרייזן. נאָך יעדער פאַרבעסערונג העט איך:

— אַי — אַי — אַי, ספּאַסיבאָ, ספּאַסיבאָ! (איך דאַנק, איך דאַנק) ווי כאַראָשי גאָספּאָדין! (איר זייט אַ גוטער הער).

איבערהויפּט, אַז ער רעדט מיט מיר, צו מיט עמיצן אַן אַנדערן, רופט ער יענעם אָן „הער״ אָדער „גנעדיגער הער״. מיינע באַ־מערקונגען, אַז אויף רוסיש זאָגט מען פּראָסט „איר״, העלפן נישט. ער טראַכט זיך אַזוראַי אַזוי: „אַז מען קאָן טון אַ טובה יענעם און זאָגן גנעדיגער הער — מהיכא תיתא, פאַרוואָס נישט?״

מיר האָבן זיך געזעצט באַם טיש און פאַררויכערט פּאַפּיראָסן. פינקעלמאַן האָט מיר געזאָגט, אַז נאָר מיר צוליב רויכערט ער און לאָזט זיך מכבד זיין מיט אַ פּאַפּיראָס. דערנאָך בין איך אָבער געוואָר געוואָרן, אַז נישט נאָר מיר אַליין טוט ער די טובה. רויכערן, פאַרשטייט איך, האָט ער זעהר ליב, ווי אַלע נערוועזע (זיין פּנים און זיינע באַוועגונגען זיינען זעהר נערוועז), נאָר ער פאַרגינט זיך נישט צו קויפן: ער איז זעהר אַ קאַרגער.

די בעל־הביתטע פון די ערשטע צוויי צימערן איז אַריינגע־קומען בעטן אַ שוועבעלע, און איך בין דערשראָקן געוואָרן, ווייל פינקעלמאַן איז פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען מיט אַ אימפּעט, אַרויסגעריסן זעהר געשיקט די שוועבעלאַך פון מיין האַנט און האָט זיי דערלאַנגט דער בעל־הביתטע מיט דער זעלבער מינע און מיטן זעלבן שמייכל, וואָס איך האָב ערשט דאָ דערמאָנט:

— אַ שוועבעלע? — האָט ער גערעדט מיט אַן איילעניש

און איז אונטערגעשפּרונגען בּאַ יעדן וואָרט — אַ שוועבעלע? אַ? נאַט אייך! נעמט נאָך אַ פּאָר, נעמט! ס'שאַרט נישט, ס'שאַרט נישט!

ראָס איז געווען פּרייטאָג. פּ י נ ק ע ל מ אַ ן, וואָס בּאַשעפּ־טיגט זיך מיט לשון־הקדשע לעקציעס, איז שוין געווען פּריי. ער האָט זיך געלעגט אויפן בּעטל און געלעזן עפּעס אַ פּאָר צעשיטע רוסישע בּלעטער פון אַן אַלטן זשורנאַל. ער האָט מיר דער־ציילט, אַז די בּלעטער האָט ער געפונען אין אַ געוועלב, וואו זיי זיינען געבּרויכט געווען אויף פּאַק־פּאַפּיר, און ווייל ער לערנט זיך רוסיש און האָט אַ רוסישן ווערטער־בּוך, האָט ער זיי אָפּגע־קויפט פאַר דריי קאָפּעקעס.

— אַ שוואַרץ יאָר! — האָט ער געזאָגט, דערציילנדיג מיר וועגן דעם, — נאָר אויסצורייסן יענעם! אַ גאַנץ פונט פּאַק־פּאַפּיר קויפט מען פאַר דריי קאָפּעקעס. זעהט, מיין ליבּער פריינט (ער האָט די בּלעטער מיר דערלאַנגט אין דער האַנט אַריין), זעהט, ס'וועגט איינגאַנצן אפשר אַ פערטל פונט, — נאָר אויס־צורייסן יענעם!

און בּאַ די לעצטע ווערטער האָט ער אַזוי פאַרקרימט זיין פּנים, אַז ס'איז בּאמת אַ רחמנות געווען צו קוקן אויף אים.

ער איז געלעגן און האָט געלעזן הויך אויפן קול, און אַלע מינוט געפרעגט אַן אַנדער וואָרט. דער אַרטיקל, וואָס ער האָט געלעזן, איז געווען אַן עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער. ער האָט גאָר ווייניג פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט און האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש.

איך בּין בּאַלד מיר געוואָרן אים צו פאַרטייטשן די ווערטער. בּאַ יעדן וואָרט האָבּ איך געבּרויכט אויסצורייידן זעהר פיל, דערצו האָבּ איך מיך געמוזט היטן נישט צו בּאַנוצן אין מיינע רייד עפּעס אַזאַ וואָרט, וואָס פינקעלמאַנען קאָן עס אויסזעהן קליגליך. אַז נישט — האָט ער געמאַכט אַ טענה וועגן דעם נייעם וואָרט, וואָס ער האָט ערשט געהערט פון מיר. בּאַמערקט האָבּ איך איינגנטליך, אַז פייהינקייטן האָט ער גאָרנישט קיין שלעכטע: זיין גמרא־קאָפּ האָט אַלץ תּופס געווען פלינק, געשיקט און אין תּוך אַריין. נאָך יעדער דערקלערונג האָט ער געשמייכלט און גע־

ראַנקט אויף זיין לשון, צונעשאָקלט מיטן קאָפּ, געצויגן מיטן שטערן, נאָר די אויגן זיינע האָבן געקוקט עפּעס אַביסל מיט אַ קאַצן־בליק, אַביסעלע פאַלש, איבערשפּיציג אַזוי...

כּדי איך זאָל מיר פאַרלייכטערן די אַרבעט, האָב איך אים פאָרגעלעגט ראָסטאָיעווסקיס אַ בוך צו לעזן: „דאָס פאַרברעכן און די שטראָף", וואָס איך האָב געהאַט בּאַ מיר אין קעסטל. פּינקעלמאַן איז מיט גרויס פרייד אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל, און מיט זיינע הענט האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פאַר מיינע אַקסלען און מיך געטרייסלט פאַר שמחה, זאָגנדיג און איבערזאָגנדיג עטליכע מאָל דעם שפּראַך זיינעם:

— ספּאַסיבאָ, ספּאַסיבאָ! ווי כאראָשי גאָספּאָדין!

הענט און פיס האָבן אונטער אים געציטערט, געוואָרפן האָט ער זיך אינגאַנצן, ווי אַ פיש, אַזוי איבערראַשט איז ער געווען.

צום קעסטל האָט ער מיך נישט געלאָזט צוגיין, ער האָט מיר אַרויסגעכאַפּט דאָס שליסעלע פון דער האַנט, אויפגעשלאָסן דאָס שלעסל און גענומען רודערן בּאַ מיר אין קעסטל. איך בין געשטאַנען, ווי אַ גולם, ווי אַ קלאָץ עפּעס, און בין בייז געווען אויף מיר אַליין. דער גאַנצער מח מיינער, אויב איך געדיינק גוט, איז געווען בּאַשמירט מיט איין געדאַנק: „וואָס כאַפּט ער עפּעס?! מיין קעסטל, רוכט זיך!" קריגן אָבער וויל איך מיר נישט. ער איז געזעסן אויף דער ערד און איבערגעוואָרפן איין בוך נאָכן אַנדערן און אַלע מיינע זאַכן.

ער האָט גענומען לעזן ראָסטאָיעווסקין און ווידער האָט ער אָנגעהויבן צו פרעגן. כּמעט בּאַ יעדער שורה האָב איך גע־האַט אַ געטועכץ אויף עטליכע מינוט. איך האָב מיר אָנגעטאָן מיין פאַלטאָ און געוואָלט אַרויסגיין, פּינקעלמאַן האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ געבעט:

— וואו אַהין גייט איר? — האָט ער מיך געפרעגט.
— איך ברויך אַוועקצוגיין.

— זעהט נאָר, — האָט ער גערעדט וויינענדיג, — אַ גאַנצע וואָך האָב איך קיין צייט נישט צו לעזן; פון אין דערפריה ביז אויף דערנאַכט בין איך פאַרטון, צען לעקציעס האָב איך... זיצט אין

דערהיים! זעהט נאָר, וואָס שאַרט עס אייך? איר זייט דאָך אַ גוטער העֶר! זעהט נאָר, וואוהין גייט איר?

איך האָב אָבער דוקא געוואָלט אַוועקגיין און פינקעל־מאַנען, האָב איך געזעהן, האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן אויף מיר. ער האָט געביסן די ליפּן, ווי איינער, וואָס מען האָט אים אַ גרויסע עולה געטאָן און קאָן זיך נישט אָפּוועדן. געקוקט האָט ער אויף מיר אַביסל מיט פאַרוואונדערונג, אַביסל מיט באַדויערונג. געטראַכט וועגן מיר האָט ער אַוודאַי אַזוי: „וואָס פאַר אַ שלעכטע מענשן עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט! מען קאָן אַ טובה טון און ס'זאָל נישט קאָסטן קיין גראָשן געלט, און מען טוט נישט!"

אַז איך בין צוריקגעקומען אין עטליכע שעה אַרום, איז פינקעלמאַן נאָך געלעגן אויפן בעט און ער איז זעהר פאַרטיפט געווען אין לעזן. ער האָט אַפילו נישט געהערט, אַז איך בין אַריינגעקומען. דעם אמת זאָגנדיג, האָב איך דאַמאָלס נישט גערעכנט, אַז אַ בוך זאָל קאָנען דעם מענשן אַזוי אינטערעסירן. זיין פּנים האָט געהאַט אַ שטריינגען אויסדרוק, אַוודאַי ווי ראָסקאָלניקאָוו בשעת ער האָט געהרגעט. עס איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז פאַרטון איז נישט איצט זיין זכרון, פאַר וועלכן ער זוכט נייע רוסישע ווערטער, נאָר עפּעס אַנדערש גאָר לעזט ער איצט, און עס איז פאַרטון — די נשמה זיינע. איך האָב מיר שטיל אַנידערגעזעצט באַם טיש. פּלוצלינג האָט ער שווער אָפּגעזיפצט, אויפגעהויבן די אויגן, און אַז ער האָט מיך דערזעהן, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און צוגעלאָפן צו מיר. ער האָט נישט געקאָנט ריידן: דער בוך האָט אים געמוזט זעהר שאַרף אַריינקריכן אין האַרצן. דערנאָך האָט ער פאַרקרימט די ליפּן. געוואָלט האָט ער אַוודאַי שמייכלען, נאָר אַרויסגעקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש. איך ווייס נישט, ווי מען רופט עס אָן.

איצט האָט ער גערעדט אידיש:

— אַ ממזר־קאָפּ! אַ גנבהשער קאָפּ! — האָט ער גערעדט און געטייט מיטן פינגער אויפן בוך, וואָס ער האָט געלאָזט ליגן אויפן בעט — אַ ממזר־קאָפּ, אַ שוואַרצע גבורה האָט ער! אַ! אַז איך וואָלט געקאָנט אַזוי שרייבן!

איך האָב מיך פאַראינטערעסירט.

— וואָס וואָלט געווען? — האָב איך געפרעגט.

— אַ־אַ, אַז איך וואָלט געקאָנט אַזוי גוט שרייבן — וואָס מיינט איר, מיין ליבער פריינט? וואָלט איך נישט דאָ געזעסן! וויפיל קאָן ער נעמען פאַר אַזאַ בוך? ער לעבט נאָך? אַוראַי אַ פּאָר הונדערט רובל. ע, מיין ליבער פריינט! איך וואָלט באַלד גע־בראַכט אַהער מיין ווייב: ווי איר זעהט מיך! וואָס מיינט איר? אַ שיין ווייבעלע, איך זאָג אייך — אַ „צאַצקע"... שענער פאַר אַלע...

ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין מיאוסע רייד, וואָס איך וויל נישט דאָ איבערחזרן. ער איז דוכט זיך ליידנשאַפטליך; קאַרג איז ער; זיין בלוט צערייצט זיך גאָר לייכט, — און ער ליידט זעהר דערפון...

פון די איבעריגע רייד זיינע בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט אַ ווייב עפּעס אין אַ קליין שטעטל אין ליטע, איך געדיינק נישט, ווי עס הייסט, און אַז ער וויל זיך גטן מיט זיין ווייב, ווייל מען האָט אים נישט געגעבן דעם נדן. דאָס ווייב גופאָ האָט ער ליב; זי איז עפּעס גאָר אַ שיינע, לויט ווי ער זאָגט. נאָר דעם שווער האָט ער זעהר פיינט, ווייל ער האָט אים אויסגענאַרט און נישט געגעבן קיין גראָשן פון די דריי הונדערט רובל, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט.

פּינקעלמאַן זאָגט, אַז ער מוז זיך נוקם זיין אין זיין שווער און גטן דאָס ווייב: לאָז ער מיט איר טון, וואָס ער וויל — איך בין זיך משער, אַז עס גייט אים נישט בלויז אין נקמה־נעמען: די דריי הונדערט רובל, וואָס ער האָט געקאָנט האָבן, דריקן אים אויפן האַרצן — ער האָט מיר נאָך דערציילט, אַז ער האָט שוין געהאַט אַ קינד מיט איר, נאָר ס'איז געשטאָרבן. דאָס קינד האָט ער נישט געזעהן, ווייל ער איז באַלד נאָך דער חתונה אַוועק־געפאָרן, ווען ער איז נאָר געוואָר געוואָרן, אַז דער שווער איז אַ גרויסער אָרימאַן און איז נישט אימשטאַנד צו געבן אַפילו איין רובל. געקומען איז ער אויפן ברית, נישט גערעדט מיט קיינעם, נאָר אַ נאָמען געגעבן און אַוועקגעפאָרן. די קינפּעטאָרין, בין איך זיך משער, האָט געמוזט שטאַרק ווינען דאַמאָלס.

און אַז ער האָט געערערט פונם קינדס טויט, האָב איך באַ־מערקט, אַז ער איז צופרידן ד׳ערפון, וואָס דאָס קינד איז גע־שטאָרבן. ריידנדיק וועגן דעם מיט מיר, האָט ער זיך אַפילו אַרויסגעכאַפּט מיט אַ „סלאַוואַ באָגו״ (געלויבט איז גאָט). נאָר אינמיטן האָט ער זיך אַוודאי דערמאָנט, אַז ער איז צופיל אָפנ־הערציק מיט מיר, און ער האָט דאָס וואָרט „באָגו״ פאַרשלונגען. איך פאַרשטיי, אַז דער טעות זיינער קומט דערפון, וואָס ער רעדט רוסיש; ווייל ער מוז שטאַרק אַרבעטן מיטן קאָפּ זיינעם, כּדי ער זאָל זיך קאָנען אויסדריקן אויף אַ פרעמדער שפּראַך, דעריבער פאַרגעסט ער זיך אינמיטן. און צופרידן פון קינדס טויט איז ער איבער גאָר אַ פּשוטן טעם: דער גט וועט אים אָנקומען גרינגער.

דאָס אַלץ בין איך געוואָר געוואָרן נאָך פאַר דריי וואָכן פרייטאָג, ווען איך האָב מיר דאָ אַריינגעצויגן. פון דאַמאָלס אָן האָב איך נישט אָפּט מיט אים לאַנג גערעדט: אַ גאַנצע וואָך איז ער טאַקע פאַרנומען פון ניין אין דערפריה ביז צען אויף דערנאַכט, ער האָט צען לעקציעס אויף פאַרשיידענע גאַסן, פרייטאָג־שבת זיץ איך ווייניג אין דערהיים, און פ י נ ק ע ל־מ אַ ן איז אויף מיר זעהר בייז. ער לעזט דאַמאָלס און וויל, אַז איך זאָל אַ גאַנצן טאָג זיצן באַ אים און אויסדריידן די רוסישע ווערטער — ער האַלט מיך אין דער אמתן פאַר אַ שלעכטן מענשן. וואָס קאָן איך טון? ס׳וואָלט אַ יושר געווען צו דינגען אַן אַנדער דירה.

אין דערפריה גייט ער אַוועק, ווען איך שלאָף נאָך. אויף דערנאַכט קומט ער אַהיים שפּעט, זיפצט אָפּ אַ פּאָר מאָל און הויבט זיך אָן צו קלאָגן אויף די בעלי־הבתּים, וואָס רעכענען אויפן רוסישן חרש, וואָס איז גרעסער פאַרן אידישן און דעס־גלייכן אַזעלכע זאַכן. ענדיגט ער שטענדיג מיט דער אייגענער מעשה פונם בעל־הבית, וואָס איז אים שולדיג געבליבן פּאַר צוויי חדשים אַכט רובל, און ער, פ י נ ק ע ל מ אַ ן, מאָנט אים נישט, ווייל ער ווייסט, אַז ער איז אָרים... אַזוי זאָגט פ י נ ק ע ל מ אַ ן. ווייס איך, צי זאָגט ער אמת? נאָר קוים האַלט ער באַ דער מעשה, ווייס איך, אַז ער ענדיגט שוין, אַז ער גייט שוין עסן

װעטשערע, און איך װעל נישט דאַרפֿן צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַז נישט — האָט ער פֿאַריבל און קוקט אויף מיר אַזוי מוראָדיג שלעכט, מיט רציחה אַפֿילו... און איך קאָן דאָס נישט ליידן. ער איז בכלל אַ סך קאַלטער צו מיר, װי ער איז געװען, כאָטש רוסישע װערטער פֿרעגט ער און דאַנקט אַלץ מיטן אייגענעם לשון און שפּרינגט אונטער, נאָר אין זיין האַרצן האָט זיך שוין אַ סך שנאה אָנגעזאַמלט קעגן מיר.

אין עסן זיינעם דערקענט מען גוט, אַז ער איז געװען אַ ישיבה־בחור און האָט לאַנג געגעסן טעג. ער קוקט אַזוי לאַנג אויפֿן ברויט, איידער ער עסט עס, לאָזט קיינמאָל נישט איבער, שמאָטשקעט מיטן מויל, אַקוראַט װי דאָס עסן װאָלט בײַ אים שטענדיק געװען אַ שװערער ענין, איבער װעלכן דער מח זיינער האָט אַ סך געאַרבעט. איך מיין נישט, װי אַזוי צו קריגן עסן: אויף דעם קלערט דאָך יעדערער; איך מיין: דאָס עסן אַליין, דאָס איבערטראָגן די שפּייז פֿון טיש אין מויל אַריין, דאָס טוען דאָך מענטשן כּסדר אָהן טראַכטן און קלערן; אַ ישיבה־בחור מוז אַװדאי קלערן און עסן.

איינמאָל (אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס געװען פּאַר צען טאָג) קומט ער אַהיים עפּעס זעהר לוסטיג, ער האָט שוין געהאַלטן גרייט די הענט אַרויפֿצולייגן אויף מיינע אַקסלען, נאָר ער האָט זיי צוריקגענומען. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, גע־קוקט מיר לאַנג אין די אויגן אַריין עפּעס גאָר ערנסט און אַביסל מיט אַ געבעט.

— פֿאַרװאָס זענט איר מיר אַ שלעכטער פֿריינט? — האָט ער געפֿרעגט.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער װיל עפּעס פֿונם האַרצן אַראָפּ־ריידן, עפּעס גוטס, פֿריילעכס, און מאַכט דערצו אַ הקדמה, איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז איך בין אים נישט קיין שלעכטער פֿריינט.

— איר זענט מיר אַ גוטער פֿריינט? — האָט ער געזאָגט און איז אַזוי אַנטציקט געװאָרן, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן אידיש.

— זעהט איר, איך האָב באַלד געוואוסט. איר זענט אַזאַ גוטער! איך האָב אייך אַזוי ליב, מיין ליבער פריינט! פאַרוואָס ווילט איר מיך נישט לערנען רוסיש? זעהט איר (ער האָט אַרויס־גענומען אַ ביכל פון דער רעגירונגס־שפּאָר־קאַסע און מיר געוויזן)? געלויבט צו גאָט — שוין פופציג רובל. היינט האָב איך אַריינגעלעגט צען רובל. אַ! אַז איך וועל אָנזאַמלען הונדערט רובל?...

— וואָס וועט זיין? — האָב איך געפרעגט.

— אַ־אַ! לאָמיך נאָר האָבן, איך וועל אַוועק קיין אַמעריקע.

— וואָס טויג אייך אַמעריקע?

ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן, געמאַכט אַ פרומע מינע און געזאָגט:

— זעהט איר, מיין ליבער פריינט, איך האָב ערשט היינט באַפוילן אַהיים, אַז איך פאָר קיין אַמעריקע, און זי וועט בלייבן אַן עגונה. לאָז זי זיך גטן! וואָס בין איך שולדיג?

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אין דער אמתן וויל ער נישט פאָרן קיין אַמעריקע, נאָר ער זאָגט אַנדערע און רעדט זיך אַליין אַזוי איין, כדי זיין ווייב זאָל זיך דערשרעקן און נעמען פון אים אַ גט. ער דערציילט אַוראַי יעדערן אַזוי און הויבט אַליין אָן צו גלויבן דערינען. ער זאָגט בכלל גאָר וואויל ליגנס: מיטן פּנים, מיט די הענט און מיטן האַרצן אַפילו, ער מאַכט דאַמאָלס אַן איינדרוק פון אַ קינד.

עס איז מיר אַפילו אַ וואונדער און דאָך איז עס אַזוי: אַז ער זאָגט ליגנס, האָב איך אים אַ סך ליבער, ווי אַז ער זאָגט אמת. עס מוז זיין דעריבער, ווייל ער איז גאָר צופיל אָפנהאַרציג, און אַז ער רעדט אַ סך און ווייזט אַרויס זיין פאַרבּרוריגט האַרץ, איז שווער צו פאַרטראָגן, און איך וואָלט אים דעמאָלס הונדערט רוסישע ווערטער פאַרטייטשט, אַבי ער זאָל אָנהויבן אַביסל ליגנס צו זאָגן, כדי די אויגן און דאָס פּנים זיינס זאָלן ווערן ליבּ־ליכער.

יענע נאַכט איז ער מיט מיר גאָר גוט געווען: אַ פּאָר מאָל מיך אָנגענומען פאַר די אַקסלען און געטרייסלט; גאָר אַ סך מאָל איבערגעחזרט: „ווי כאַראָשי גאָספּאָדין". אין מיטן די רייד

האָט ער מיר דערציילט, אַז פאַר זעקס חדשים האָט מען אים אַהיים געגאַרט, מען האָט געקלאַפּט אַ טעלעגראַם צו אים, אַז די מוטער זיינע איז געשטאָרבן. דאָס ווייב אין דערהיים האָט אים שטאַרק גענומען באַם האַרצן, ער איז אַ פּאָר טאָג אין דערהיים געזעסן און געוואוינט מיטן ווייב... ער האָט שוין גע־וואָלט נעמען צוויי הונדערט רובל, נאָר דער שווער מוז זיין אַ גרויסער אָרימאַן: מען האָט אים גאָרנישט געגעבן, און ער איז צוריק אַוועק קיין וואַרשע...

— איר ווייסט, מיין ליבער פריינט, — האָט ער צו מיר געזאָגט, ליגנדיג אויסגעצויגן אויפן בעט, און ער האָט דאָס פּנים פאַרקרימט פאַר גרויס נחת. די נאָז האָט דעמאָלט אויס־געזעהן נאָך שפּיציגער, ווי זי איז. — איר ווייסט, איך האָב מורא געהאַט, פאַרשטייט איר... עס זאָל נישט עפּעס געבוירן ווערן פון מיין אין דערהיים־זיין... אַ ניי קינד ברויך איך! איך ווייס שוין איצט אויף זיכער. זעהט איר? זאָגט, מיין ליבער פריינט, נישט אמת? אַז ס׳וואָלט עפּעס געווען, וואָלט זי דאָך מיר גע־שריבן, אַז ס׳איז... נישט אמת? נישט אמת? זאָגט, מיין ליבער פריינט!

ער האָט געבעטן באַ מיר אַ הסכּמה, אַז דאָס ווייב זיינס טראָגט נישט.

— וואָס מיינט איר? האָט ער ווייטער געזאָגט און עפּעס אַ רייץ האָט פאַרצויגן די אויגן זיינע. — וואָס מיינט איר? אַ וואויל ווייבעלע... אירע באַקן צו קנייפּן, איך זאָג אייך — אַ! אַ!

מיר האָבן נאָך אַ סך גערעדט. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ער איז היינט אַן אַפּיקורס, דאַוונט נישט אַפילו. גערעדט האָט ער וועגן זיין אמונה מיט כּעס, געזידלט, אַז מען האָט אים אויסגענאַרט. אַ סך מאָל האָט ער איבערגעחזרט דאָס וואָרט „אָבמאַנשטשיקי" (אויסנאַרערס). ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז פאַר אַ יאָרן ווינטער, ווען ער איז נאָך פרום געווען, האָט ער איבער דעם דאַוונען נישט געקאָנט אָננעמען אַ פריהמאָרגנדיגע לעקציע, און ער איז דערויף זעהר בייז. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דורכן זמן וואָלט ער געהאַט פיר און צוואַנציג רובל. און היינט

צוזאַמען מיט די פּופּציג, וואָס ער האָט אויפן ביכל, וואָלט ער געהאַט פיר און זיבעציג רובל.

— — — — — — — — —

היינט אויף דערנאַכט אַכט אַזייגער, ווען איך בין אַהיים געקומען, האָב איך זיך זעהר פאַרוואונדערט, וואָס איך האָב שוין געטראָפן פינקעלמאַנען און דערקענט אין זיין פּנים, אַז דאָס איז עפּעס נישט אַזוי גלאַט, ער האָט מיר אַפילו נישט געענטפערט אויף מיין „גוטן אָוונט", אַזוי צעטראָגן איז ער געווען.

ער איז געזעסן בּאַם טיש, זעהר געביסן די ליפּן און נערוועז זיך איבערגעזעצט אַלע ווײלע אויפן בענקל. אין דער האַנט האָט ער געדרייט עפּעס אַ פּאָסט־קאַרטל. אויף מיר האָט ער אַלע ווײלע אויפגעהויבן די אויגן, און אין זיין בליק איז געווען צו דערקענען אַ שווערער ווייטאָג, אַ האַרצקלעמעניש. איך האָב דערקענט, אַז ער האָט געוויינט, און אַז איצט האַלט ער זיך קוים איין פון וויינען. איך האָב אים געפרעגט:

— וואָס איז אייך פינקעלמאַן?

ער האָט מיר נישט געענטפערט, געמאַכט זיך נישט הערנדיג און געוואָלט ריידן גאָר פון אַן אַנדער זאַך:

— וואָס מאַכט איר, מיין ליבער פריינט?

נאָר די לעצטע ווערטער האָט ער נישט שאַרף אַרויסגערעדט. די טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלז. ער אַליין האָט באַמערקט, אַז איך פיל זיינע טרערן.

— אַ שוואַרץ יאָר! — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש, אַרויסגענומען דאָס בייטעלע, דורכגעציילט דאָס קליין־געלט, וואָס האָט זיך בּאַ אים געפונען און איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ (מיר וואוינען אויפן פערטן שטאָק), אין אַ פּאָר סעקונדעס אַרום איז ער שוין געווען און האָט שווער געעטעמט: ער האָט אַוראַי געמוזט לויפן אַהין און צוריק. געהאַלטן האָט ער אין דער האַנט אַ ראָפּלט־קאַרטל, וואָס ער האָט געקויפט אין געוועלב.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט בּאַם טיש, גאָרנישט גערעדט און אָנגעשריבן אַדרעסן אויף דעם ראָפּלט־קאַרטל: איין אַדרעס, וואוהין ער האָט געבּרויכט, דעם אַנדערן אַוראַי צו זיך. דער־

נאָך האָט ער אַרויסגענומען פון וועסטל־קעשענע דאָס ערשטע קאַרטל, וואָס ער האָט דערהאַלטן, און איך האָבּ בּאַמערקט, אַז ער לעזט עס מיט גרויס כּונה, יעדע שורה און יעדעס וואָרט בּאַזונדער. ער האָט שווער אָפּגעזיפּצט און גענומען שרייבּן דעם בּריוו. געשריבּן האָט ער מיט אַ אימפּעט, ווי איינער, וואָס האָט אַ משׂאָ פון זיך אַראָפּצוואַרפּן, און זיין פּנים האָט זיך מיט יעדער שורה געענדערט. אים האָט געמוזט לייכטער ווערן אויפן האַרצן פונם שרייבּן.

דאָס אָנגעשריבּענע קאַרטל האָט ער לאַנג געטריקנט איבּערן לאָמפּ, געדרייט עס אַהין און צוריק. דערנאָך ערשט האָט ער עס אַנידערגעלעגט אויפן טיש און געקוקט דערויף עפּעס מיט אַ מין בּליק, וואָס איך ווייס נישט, ווי מען רופט אים אָן. איך דערמאָן מיר איצט, אַז בּאַ מיין טאַטנס טויט, יינגלוויז נאָך, אַז מיין טאַטע איז שוין געווען צוגעשיט, איז דער שמש צוגעקומען צו אונז קינדער און האָט יעדן איינגעשניטן די קלאַפּע. מיין קלענערער בּרודער, געדיינק איך, האָט גענומען די צעריסענע קלאַפּע אין דער האַנט, געדרייט זי אַהין און צוריק און בּאַטראַכט פון אַלע זייטן. געקוקט אויף דער קלאַפּע האָט ער מיט דעם זעלבּן בּליק, וואָס פּינקעלמאַן פּאַר עטליכע שעה אויף דעם קאַרטל: מיט אַ טיפן אומעט, נאָר אַבּיסל פאַרוואונדערט: „ווי קומט עפּעס די קלאַפּע דערצו?“

ער איז נאָך געזעסן אַבּיסל און בּאַטראַכט דאָס קאַרטל. דערנאָך האָט ער זיך פּאַמעליך אויפגעהויבּן פון אָרט, צוגעגאַנגען צום קעסטל זיינעם און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקל בּריוו, צווישן וועלכע עס זיינען געווען עטליכע דאָפּלט־קאַרטלאַך. אַ פּאָר בּריוו האָט ער געלעזן. דערנאָך האָט ער דאָס היינט־אָנגעשריבּענע דאָפּלט־קאַרטל צוגעלעגט צום פּאַק בּריוו און האָט עס צוריק אַריינגעלעגט אין קעסטל.

ער איז שוין געווען אַבּיסל רוהיגער. דאָס קאַרטל, וואָס ער האָט בּאַקומען, איז נאָך געלעגן אויפן פּנים:

— לייענט מיין פריינט!

אין בּריוול שטייט אַזוי (איך האָבּ דאָס איצט פּאַר מיינע אויגן):

„ליבער, געטרייער מאַן יעקב יהודה נ״י.
„ערשטנס, שרייב איך דיר פון מיין ליבן געזונט, דאָס נעמ־ליכע ווינש איך מיר צו הערן פון דיר ביז אייביג, אָמן סלה.
„צווייטנס, שרייב איך דיר, איך האָב שוין נישט קיין כח צו וויינען און איך האָב נישט געהאַט אויף אַ קאַרטל, האָב איך מיר געבאָרגט, מיין ליבער מאַן, וואָס בין איך שולדיג אַקעגן דיר. אַז איך וועל קומען קיין וואַרשע, וועל איך עסן ברויט און זאַלץ און פּאָרלאָגעס וואַשן. און איך בעט דיך, שרייב, איך זאָל קומען און שיק מיר אויף דער הוצאָה. גאָט וועט דיר צושיקן ברכה און פּרנסה דורך מיר. איך שרייב שוין דאָס פינפטע קאַרטל צו דיר, און איך האָב נישט קיין בריוו באַקומען. גאָט וועט דיר העלפן אין מיין זכות, און האָב רחמנות אויף מיר און אויף מיינע יונגע יאָרן. אָמן סלה״.
„דיין ווייב, וואָס האָפט זיך צו זעהן מיט דיר,
זעלדע פינקעלמאַן״.

אין דער זייט איז צוגעשריבן מיט גאָר קליינע אותיות:
„מען האָט אונז פון דירה אַרויסגעוואָרפן. שרייב, איך זאָל קומען, איך וועל מיר שוין שאַפן אויף דער הוצאָה. איך ווייס נישט, וואָס מען טוט? דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן, און איך שלאָף באַ רחל חנהס״.
אַז איך האָב געענדיגט צו לעזן, האָט ער מיר לאַנג גע־קוקט אין די אויגן אַריין. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וויל הערן פון מיר זיין משפּט. ער האָט זיך געפילט זעהר זינדיג.
— נעמט זי קיין וואַרשע — האָב איך געפּרובט — וואָס וועט אייך דען קאָסטן טייערער?
ער האָט מיך אָבער נישט געלאָזט ענדיגן.
— ווי הייסט? אָהן אַ גראָשן געלט! דריי הונדערט רובל האָט זי מיר צוגעזאָגט! וואָס האָט זי מיך געהאַט אויסצונאַרן? איך האָב אַכט יאָר געלערנט אין לאָמזשע, אַכט יאָר! (ער האָט צו־געקלאַפּט מיטן פויסט אין טיש). אויף דער האַרטער באַנק גע־שלאָפן און געפאַסט האָב איך, און מיך האָט מען געשלאָגן! אַצינד פרעג איך אייך: צו וואָס? איך זאָל טון אַ שדוך אָהן אַ גראָשן געלט! אָהן אַ גראָשן!... האָב איך געברויכט אַכט יאָר

פאַרשוואַרצט און פאַרפינסטערט צו ווערן, איך זאָל טון אַ שרוק אָהן אַ גראָשן געלט, אָהן אַ גראָשן געלט!... אַז ער האָט אַ טאָכטער, בין איך שולדיג? נו, זאָגט אַליין, זאָגט אַדרבה, וואָס בין איך שולדיג, אַז ער האָט אַ טאָכטער? וואָס בין איך שולדיג?

— זי איז דאָך אָבער אויך נישט שולדיג! — האָב איך געפּרובט.

פינקעלמאַן האָט מיר אַרויסגעכאַפּט זיין ווייבס קאַרטל פון דער האַנט. איך האָב געזעהן, אַז אויפן האַרצן ווערט אים ווידער שווער. ער האָט נאָך אַמאָל אָנגעהויבן צו לעזן דאָס קאַרטל, נאָר אין מיטן האָט ער זיך הויך פאַרוויינט:

— וואָס בין איך שולדיג?! האָט ער געכליפּעט הויך אויפן קול און צוגעקלאַפּט זיך מיט דער פויסט אין האַרצן.

— וואָס בין איך שולדיג?!

ער איז צוגעלאָפן צום קעסטל, אַרויסגענומען דעם פּאַק בריוו, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג געהאַט אַריינגעלעגט.

— זעהט, — האָט ער געזאָגט, און מיר דערלאַנגט דעם פּאַק בריוו, — זעהט אַליין: שוין צען בריוו האָב איך איר געשריבן, אַז זי זאָל קומען! דאָפּלט־קאַרטלאַך, זי זאָל צוריק שרייבן, ווען כ׳זאָל זי אָפּוואַרטן. דאָ ליגן זיי — איך שיק זיי נישט אַוועק... איר מיינט אפשר, איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך וועל דעם היינטיגן בריוו נישט אַוועקשיקן? איך האָב געוואוסט: איך האָב דאָך געקאָנט אַוועקשיקן אַן אַלטן בריוו! איך האָב געוואוסט... נאַט לייענט:

פון זיין קאַרטל צו זיין ווייב, געדיינק איך איצט די ווערטער: „מיין טייערע נשמה, איך בין זינדיג קעגן דיר, מיין טייער לעבן, קום, למען־השם, באַלד צו פאָרן. איך בייַנק זעהר נאָך דיר, איך קאָן אָהן דיר נישט לעבן" — און נאָך אַזעלכע ווערטער.

— דאָס קאָסט מיר שוין מער, ווי פופציג קאָפּעקעס די בריוו! — האָט ער געזאָגט. ער איז שוין געווען באַרוהיגט און געגאַנגען עסן וועטשערע.

— איך ווייס, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפן געלט, נאָר עס כאַפּט מיר אָן באַם האַרצן, מיין ליבער פריינט, איך מוז קאַליע מאַכן געלט דערויף, פאַרשטייט איר, איך מוז אויסגעבן געלט... איך

מוז... נו, זאָגט אַליין, וואָס ווילן זיי פון מיר האָבן? וואָס בין איך שולדיג?

איך האָב אים נישט געענטפערט, ווייל איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז עס איז בחנם; ער איז שוין איצט געווען אינ־גאַנצן רוהיג און האָט געקוקט אויפן ברויט און געלעגט די שטיק־לאַך אין מויל אַריין עפּעס מיט אַ מין צופרידנקייט און זיסקייט, אַשטייגער, ווי ער וואָלט געווען אַן אויסגעבעטענער בן יחיד אויף דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיך באַלד אויסגעטאָן און געלעגט שלאָפן. אויף די לעקציעס איז ער היינט נאָכמיטאָג נישט געווען. די רינסט האָט מיר געזאָגט, אַז אַ גאַנצן האַלבן טאָג האָט זי אים געזעהן לויפן איבער דער שטוב אַהין און אַהער און מורמלען עפּעס פאַר זיך, ווי משוגע.

איצט שלאָפט ער און כראַפּעט הויך, ער רונצלט זעהר מיטן שטערן און שמאָטשקעט מיטן מויל... וואָס חלומט זיך אים? פון ווייב מיט די שיינע באַקן, וואָס זיי צו קנייפּן איז באַ אים „אַ!“? און וואָס חלומט זיך נעבעך דעם יונגען ווייבל, וואָס שלאָפט איצט אין אַן איינגעבעטענער דירה, אויף דער ערד אַוראַי? זיפצט זי אין שלאָף? בעט זי רחמים באַ דעם מאַן אירן און שרייט געוואַלד: „איך בין דאָך גאָר נישט שולדיג!“?...

ווען איך וואָלט געוואָלט, קאָן איך צוגיין איצט צו פּינ־קעלמאַנען, אָננעמען אים מיט מיינע הענט פאַרן האַלז און דערווערגן, ביז ער וועט די צונג אַרויסשטעקן. איך שטעל מיר פאָר, אַז אָנצושפּייען אַ מענשן אויף דער אַרויסגעשטעקטער צונג, בשעת ווען דאָס פּנים זיינס פאַרקרימט זיך אין דער גסיסה, מוז זיין אַ גרויס פאַרגעניגן, אַזוי ווי אַלע גרויסע עבירות...

און איך דערמאָן מיר זיין אויסזעהן, זיין וויינען און זיין קלאַפּן זיך אויפן האַרצן: „וואָס בין איך שולדיג?“ און איך טראַכט, אַז דורך די אַכט יאָר אין דער ישיבה האָט ער זיך געמוטשט אָנ־ליידן אַ סך נויט און הונגער און שאַנד; אַז נישט איין טאָג האָט ער געהונגערט, נישט איין נאַכט האָט ער נישט געהאַט וואו צו שלאָפן, און פאַרטראָגן האָט ער אַלץ מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן, אַלץ פאַר ליב גענומען, — און אין זיין מח איז נאָר איין און איינציגער פרייליכער געדאַנק געווען — אַ ווייב מיט נדן.

זיין פאַנטאַזיע האָט גאַנצע אַכט יאָר געקושט דאָס ווייב, גאַנצע אַכט יאָר איבערגעצײלט דאָס גרן־געלט און געמאַכט דערמיט גרויסע, גליקליכע געשעפטן... און אין דער אמתן הויב איך אָן מסופק צו זיין, ווער עס איז דאָ באמת שולדיג? צי ער, די נשמה זיינע די שלעכטע, צי די צרות זיינע די גרויסע, די ישיבה די פינסטערע?

און וואָס מיין איך דאָס: „די נשמה זיינע?"
די לאָמפּ, דוכט זיך, גייט אויס.

---

# יחזקאל קאָטיק / מיינע זכרונות

(פיר בענד)

מיר בריינגען דאָ איינינע אויסצוגן פון שלום־עליכמס א בריוו צו י. קאָטיק:

...איך האָב גענומען לייענען אייערע „זכרונות“, און וואָס זאָל איך זאָגן? איך געדיינק שוין ניט דאָס יאָר, וואָס איך זאָל אזוי פיל הנאה האָבן, אזוי פיל תענוג — אמתער תענוג רוחני! דאָס איז ניט קיין בוך — דאָס איז אן אוצר, א גאָרטן, א גן־עדן, פול מיט בלומען און מיט פויגלגעזאנג. עס האָט מיר דערמאָנט מיין יוגנט, מיין משפחה, מיין חדר, מיינע ימים־טובים, מיינע חלומות, מיינע טיפּן, ניין! איך מיט מיין בינטל טיפּן און בילדער, וואָס כ'האָב א סך פון זיי געקענט און א סך אויסגעטראכט, בין איך, זאָג איך אייך אָהן שום חניפה אָדער פאלשע ענוות, — אקעגן אייך אן אָרים יינגל, א קבצן! מיט אייערע איבערלעבונגען און אייער משפחה וואָלט איך ביז איצט די וועלט פארפלייצט! געוואלד, וואו זענט איר געווען ביז אהער? א מענש פארמאָגט אזוי פיל בריליאנטן, דימענטן און פערל און גאָרנישט! א ייד גייט ארוים און „קלייבט רענדלאך“ און זאָל עס אפילו דערמאָנען עמיצן, אז עס געפינט זיך בא אים אזא אוצר! איך האָב גענומען לייענען און ניט געקאָנט שוין אָפּרייסן זיך, שיער ניט משוגע געוואָרן!

...וואָס מיך האָט פארכשופט אין אייער בוך — איז דער הייליגער פשוטער אמת, ניט געקינצלטע פראָסטקייט. הייגט די שפּראך! ניין, איר זענט ניט נאָר א גוטער ערליכער, געטרייער שומר פון א רייכן, אומגעהויער רייכן אוצר — איר זענט א טאלאנט פון גאָט געבענשט מיט א נשמה פון א קינסטלער, וואָס קען זיך ניט.

...מען דארף דאָך האָבן א כח, מען זאָל מיך ניט נאָר מאכן לאכן (פאראן בא אייך ערטער, וואו איך האָב זיך געהאלטן בא די זייטן לאכנדיג), נאָר אויך ציהען בא מיר טרערן. איך שווער אייך בהן שלי, אז איך האָב געוויינט גלייך מיט אייך אלע, בעת אייער זיידע האָט אייך אלעמען געבענשט ערב יום־כפור און בעת אייער באָבע די צדקות איז געלעגן אויף דער ערד, און דער זיידע האָט הונדערט מאָל געחלשט. זאָלן מיר אזוי פרייען זיך איננגיכן אויף ישועות ישראל, ווי איך האָב געגאָסן מיט טרערן, און ניט ווייל א מענש איז געשטאָרבן. רב"שע! וויפיל מענשן שטארבן בכל יום ובכל עת ובכל שעה!...

...איך בין באמת גרויס בא זיך, וואָס אונזער נאָך יונגע יידישע פאָלקס־ליטעראטור איז באריכט געוואָרן מיט אזא בוך, ווי אייערע „זכרונות“. וועט איר אייערע „זכרונות“ שרייבן ווייטער?...

אייער דאנקבארער לעזער, חבר און תלמיד **שלום־עליכם**

# אהרון איזאַקס אַוטאָביאָגראַפיע

יידיש — נחום שטיף

אהרון איזאַק, געבוירן אין דייטשלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון XVIII-טן יאָרהונדערט, דערציילט זיינע לעבנס־זכרונות אין דעם יידיש, ווי מען האָט גערעדט דאַמאָלס אין דייטשלאַנד. ער שילדערט דאָס יידישע לעבן אין מעקלענבורג, לייפציג און אין אַנדערע קאַנטן פון דייטשלאַנד. אהרון איזאַק איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס האָט, אויסוואַנדערנדיג פון דייטשלאַנד, באַקומען אַ דערלויבעניש צו וואוינען אין שוועדן. ער האָט נאָכגעצויגן נאָך זיך קיין שוועדן אַנדערע יידן פון דייטשלאַנד און זיי געהאָלפן זיך באַזעצן דאָרט. ער האָט פאַר יידן געעפנט „אַ ניי לאַנד" — שוועדן, וואו ביז אים האָבן יידן ניט געטאָרט קיין פוס שטעלן. זיין וועג איז געווען ניט קיין גרינגער. ער האָט אויסגעדינט אַלע עבודה־זרהס: לויט זיין פּראָפעסיע אַ שטעמפּל־גראַווירער, איז ער געוואָרן אַ סוחר, געהאַנדלט מיט צירונג, מיט גאַלאַנטעריי, אפילו מיט ציגן, געווען אויך אַ צושטעלער בײַ דער אַרמיי (אין שוועדיש־רוסישן קריג). און אַדאַנק זיין זעלטענער ערליכקייט און גרויסער ענערגיע האָט ער זיך סוף כל סוף דערשלאָגן צו אַ גרויס אָנזעהן.



# בער באָלעכאָווער / זכרונות

(אַ יידישע און אַ העברעאישע אויסגאַבע)

## צום ערשטן מאָל פאַרעפנטליכט מיט איינלייטונג און הערות פון ד"ר מ. ווישניצער.

אַ יידישער סוחר פון XVIII־טן יאָרהונדערט דערציילט זיינע איבערלעבונגען אויף אַ בולטן אופן. ער גיט איבער קלאָר דאָס לעבן פון אַ קליין יידיש־גאַליציש שטעטל אין זיין צייט, דערציילט די פאַרשיידענע צרות, וואָס די יידן האָבן זיך דאַמאָלס אָנגעליטן סיי מצד דער פוילישער רעגירונג, סיי פון ווילדע באַנדעס, וואָס פלעגן מאַכן אָנפאַלן אויפן שטעטל, הרגענען, רויבן, פאַרברענען די הייזער וכדומה. בער באָלעכאָווער גיט אַ סך מאַטעריאַל פאַרן יידישן היסטאָריקער וועגן דער דאַמאָלדיגער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן און איבער זייערע בילדונגס־פאַרהעלטענישן.